# אין

# ווילדען ווערטערוואלד



משה נאדיר

פארלאג „ווערבע“
ניו יאָרק, 1919

# דער מאָדערנער מענש

ער מאכט אויף די אויגען און גיט א טראכט: דער טאָג ליכטיגט אריין דורכ'ן פענסטער. ס'הארץ פון דער גרויסשטאָדט באוועגט זיך שוין. ער הויבט זיך אויף פונ'ם בעט און טראכט: ווידער ארבייט! ווידער שאַפען! וואָס איז דער צוועק פון דעם אלעמען? וואָס איז דער ציעל? ער נעמט א קאלטע וואנע און ער טראכט: מיין קערפער איז שלאנק ווי א ווערבע און איך האָב נאָך דערווייל זעהר ווייניג גענאָסען פונ'ם לעבען. ער פוצט זיך אוים די ציין און ער טראכט: ס'איז זיכער, אז די־זעלבע ווייסע ציין וועלען אמאָל ליגען טויט און מ'דארף שוין א נײַ שאכטעל ציינפּוידער. ער טוט זיך אָן די אלטע פלודערן און ער טראכט: די אלטע אייראָפּא פאר־לירט איהר גלאנץ, דאדורך וואָס זי ווערט פארדעמאָ־קראטיזירט. ער עסט אָנבייסען און ער טראכט: די בלאסע מעלאנכאָליע פרעסט אויף מיין רויט הארץ. ער געהט צו צום שפיגעל, מאכט זיך צורעכט די האָר און ער טראכט: אומעטיגע וועלט מיינע, „איך וויים ניכט וואס זאָל עס בעדאָיטען", ער גיט א קוק אויפ'ן בילד פון „סעפּטעמבער אין דער פריה" און ער טראכט: מאָ־דערנע מענשען ווערען פארצעהרט פון זייער דורשט נאָך שעהנקייט. ער לויפט אראָפּ די טרעפּ און ער טראכט: מיין לעבען איז א טונקעלע טרעפּ, וואָס דרעהט זיך און דרעהט זיך און זי פיהרט אין דער פינסטערניש אריין. ס'איז פינסטער. ווער ווייסט, צי ס'איז עפּעס פאראן אין בריעף־קעסטעל? נישטאָ. אומעטיגע גראָהע טעג מיט — פּוטערפּיש. ער טאָר נישט עסען קיין פּו־

טערפיש בשום אופן. ער געהט איבער די גאסען און ער טראכט: די אלטע היים, מיט די פארשנייטע דעכער. דאָרט האָט יעדע שטוב א היטעל און דאָס היטעל איז שנייאיג און סע ברענט מיט א בלאָה פייער קעגען הימעל און די שניי־שטערען פינטלען ארויף צו די אויסגעשפרייטע בלאָהקייטען, און אלע הימעל־שטערען פינטלען אראָפ צו זייערע שניי־שוועסטער אויף דער ערד. דאָ שטעהען די הייזער מיט נאקעטע קעפ, — ווי אימיצער וואָלט ביי זיי די היטלען אראָפגעכאפט. ער זעצט זיך ארבייטען און ער טראכט: איך שאף רייכטימער פאר יענעם, און אליין געה איך אויס — מיט א מיידעל. ער דרעהט די מאשין און ער טראכט: די וועלט איז א נאריש רעדעל, וואָס דרעהט זיך און דרעהט זיך אָהן א ציעל. ער גיט א קוק אויף דעם מיידעל, וואָס זיצט נישט ווייט פון איהם, און ער טראכט: זי וועט פארוויאנען, ווי א שעהנע בלום. אָהן ליעבע. אָהן זאָנענשיין. ער וועט איהר געבען זאָנענשיין. ער גיט דעם מיידעל א גלעט אויף דער באק און זי הייסט איהם „סטאפען“. פאר זאָנענשיין, טראכט ער, גיט מען אָפ שטיינער. עס גיט א פייף דאָס פאבריק־פייפעל און ער טראכט: די שקלאפעריי איז אויף א ווייל צו ענד, איצט וועל איך מיך אוועקזעצען און אויסווייקען מיין מאָגערען מיטאָג אין הייסע טרערען. ער עסט זיין שטיקעל הוהן מיט א זויער אוגערקעלע און ער טראכט: ס׳א געשמאק שטיקעל הוהן. נאָר ער האָט נישט קיין כריין. ער האָט ליעב כריין און פרייהייט. ס׳איז נישטאָ קיין פרייהייט. די פליגעל זענען געבונדען. ער גיט זיך א טאפ אויף דער פלייצע — סע שטעכט איהם נישט. סע וואָלט איהם באדארפט שטעכען. ער לייגט אוועק זיין לעבען אויפ׳ן מזבח פון קאפיטאל. קאפיטאל. ער האָט שוין קנאפע עלף הונדערט דאָלאר אין דער באנק, אָבער זיין מזל׳דיגער שטערען געהט נישט אויף. ער גיט זיך א טאפ דעם שטערען — טרוקען! נישטאָ קיין שווייס.

I

ער ענדיגט זיין טאָג ארבייט און ער טראכט: מ׳געהט אָנזאמלען כחות פאר דעם נייעם טאָג, וואָס ברענגט נישט קיין גליק און קיין פרייד. ער קומט אהיים און טראכט: איך טראכט עפעס אזוינע אונגליקליכע געדאנקען — פילאָזאָפישע. איך בין א צובראָכענער מענש. די מאסע איז נישט צובראָכען. איך בין צובראָכען, ווייל איך פיהל מיין אונגליק און די פליגעל זענען מיר געבונדען. ער טוט זיך א טאפּ ביי די פלייצעס און ער טראכט: סע שטעכט איהם נישט! סע וואָלט איהם באדארפט שטעכען. די ארבייט פרעסט איהם אויף די בעסטע כחות, און אז ער קומט א היים איז ער זעהר מיעד, עסט ער אָפּ און געהט אוועק שפּיעלען פּינאקל. ער שפּיעלט פּינאקל און ער טראכט: אָט די אלע מאָדערנע מענשען זיינען אונטריי צו זייערע פרויען, נאָר ער איינער קאָן נישט זיין אונטריי צו זיין פרוי, ווייל ער האָט נישט קיין פרוי. ער קוקט אויף די פיין־פּארפלאמטע ווייבלעך, וואָס שפּיעלען פּינאקל, און ער טראכט: ער מוז חתונה האָבען, כדי צו קאָנען ווערען אונטריי זיין ווייב מיט איינע פון אָדי־אָ מאָדערנע פרויען. ער איז פארטיג מיט׳ן שפּיעלען און ער זעהט ווי אלע געהען אוועק שפּאצירען מיט פרעמדע דאמען. ער געהט א ו י ך אוועק שפּאצירען מיט א דאמע, אָבער ער האָט נישט וועמען צו ווערען אונטריי. ער געהט צוריק אהיים און ער טראכט: ס׳גאַנצע לעבען איז נישט מעהר ווי א שפּאציר דורכ׳ן טונקעלען פּינאקל: מ׳געווינט כדי צו פארלירען. און די האָפנונג זויגט אויס דאָס פייער פון די אויגען, זעהט ער נישט וואָס ער טוט. האָט זי איהם געגעבען א געלעגענהייט און — א פּאטש. וואָרטשפּיעל. ער געהט דורך דעם פראָסט־געקושטען פּארק און ער טראכט: נאָכאַלעמען, נישט קיין סך מענשען קאָנען אזוי דענקען ווי איך. איך האָב א פלינקען מח און אלצדינג אין מיר איז אונרוהיג ווי דער א י י ב י ג ציטערדיגער הימעל. ער נעהמט

ארוים א גאַז־שיכעל און ער טראַכט: איך בין זעלבסט דער ציטערדיגער הימעל. אין מיין האַרץ העַנגט א — פאַרקיהלונג. איך בין פאַרקיהלט. אין מיין נשמה ציטערט די אייביג — ס'איז מיר פאַרשטאָפּט די נאָז. איך בלאָנזשע ארום אין דער פינסטער און — מ'פּאַטשט. פאַרוואָס? ווייל איך וויל געניסען פונ'ם לעבען. אָבער יעדער איינער מעסט יענעמס טעמפּעראַמענט אויף זיין אייגענעם. דאָס פּולע גלעזעל מיינט, אז פּולער קאָן מען שוין נישט זיין. דער פּולער טאָפּ רעכנט אויך דאָסזעלבע. ביידע ווייסען נישט, אז ס'איז פאַראַן א ים. איך בין דער ים. איך דאַרף באַצאָהלען זעקס סענט אין ביבליאָטעק פאַר די איבעריגע דריי טעג, וואָס כ'האָב געהאַלטען „טשטשאָ דיעלאַט" פון טששערנישעווסקי. איך בין אן עסטעטיקער, אן אָנהענגער פון דעם שעהנעם וואָרט, און סע קריכען מיר אויס די האָר — דער שלאַק זאָל עס טרעפען! איך בין אוים מענש און איך האָב נאָך כמעט גאָרנישט געלעבט. פּוטערפּיש. — פאַרברענט זאָלען זיי ווערען! לאָזען זיי זיך אָנציגדען מיט א פייער — די אַלע פאַרפלאַמטע ווייבלעך. איך האָב זיי אין דר'ערד! נעמען זיי איין א מיתה־משונה! געלעהמט זאָלען זיי ווערען! איך טאָר נישט עסען קיין פּוטערפּיש, גיט מען מיר פּוטערפּיש! ווייל איך האָב נישט קיין פרוי. אן איינענע פרוי וואָלט מיר נישט נעגעבען קיין פּוטערפּיש.

— — — — — — — — — — — — — — —

...און דער מאָדערנער מענש לעגט זיך אוועק אויפ'ן בעט, און אַט־אַזוינע 0 0 0 טרערען רינען איהם פון די אויגען.

## איהם?

מ׳עט איהם דערלאנגען א פארפאָהר אין די ציין, אז ער וועט זיך איבערקעהרען.

איהם?

דעם הערר בערענברענער וועט מען דערלאנגען א פארפאָהר אין די ציין, אז ער וועט זיך איבערקעהרען. זיך איבערקעהרען מיט — ווי אזוי קעהרט מען זיך איבער? ער וועט זיך נישט איבערקעהרען מיט די פיס ארויף. הערר בערענברענער מיט די פיס ארויף. ס׳טולי־פעל איינגעשמירט און די הויזען פארשארען זיך איבער די שיך, און ס׳זעהען זיך ארויס די ווייסע זאָקען — די ריינע. ערשט היינט אין דער פריה אָנגעטון א פאָר פרי־שע זאָקען אז סע שמעקט. ער האָט ליעב ציכטיגקייט. די קינדער זאָגען איהם אלע מאָל: טאטע, פארגעס נישט ס׳ציגארענשפיצעל. און גיב אכטונג, טאטע, זאָלסט זיך נישט פארקיהלען, טו אָן ס׳שאליקעל אויפ׳ן האלז, און ער זאָגט: נו־נו, און די עלטערע טאָכטער — בע־רענברענער׳ס עלטערע טאָכטער — טוט איהם אָן ס׳שאַ־ליקעל אויפ׳ן האלז. פראָשעט איהם אָפּ א פאָדעם מיטון פונ׳ם זיידענעם בערדיל און ווינשט איהם א גוטען טאָג. ס׳ווייב זיינס — בערענברענער׳ס אויסערגעוועהנליך ווייב — דערלאנגט איהם מ׳שטעקען מיט׳ן גאָלדענעם הענטעל טוט איהם א קוש אויפ׳ן שטערען און זאָגט איהם אָן ער זאָל זיך האלטען אויף דער זון, וועט ער נישט הוסטען. די זון איז קאלט, דאָס טוליפעל איז ווארעם. געהט ער ארום שפּאצירען איבער׳ן פארק ארויף־און־אראָפּ, און ער טראכט:

עלדאָראדאָ. דאָ־ראַ־דאָ. ראַ־דאָ. ער — א מענש אַן אינטעליגענטער, אַן אָפּגעהיטער, די קינדער ציטערען אי־בער איהם. ס'ווייב בלאָזט איהם די טריט, און ער בע־רענברענער, דער אינטעליגענטער מאַן, מיט א „התורן“ אין קעשענע. געהט ארום איבער'ן פּארק און טראכט: על־דאָ־ראדאָ און נאָר עלדאָראדאָ? אלצדינג טראכט ער. ער איז א טיעפער מענש. א מענש מיט א צעוועהטאָגטער נשמה. מיט א שארף אויג. אלצדינג וואָס ער זעהט מאכט אויף איהם אַן איינדרוק. — אָט, למשל, זעהט ער איצט, ווי סע ברענט א שפּיץ פון א בוים, איינ־געטונקען אין זון־גאָלד, — אזוי ווי דער דאָרנבוים, אין דער מדבר, וואָס ברענט און ברענט און ווערט נישט פארברענט. דעם מענשענ'ס הארץ איז אויך אזוי. א דאָרענבוים וואָס ברענט אין דער מדבר פון ליידענשאפט — ברענט און ברענט און ווערט נישט פארברענט. ס'איז קאלט. ער וועט שוין באלד אהיים־געהן. עס קלעמט איהם ס'הארץ. ער האָט ליעב מאסלינעס. ווייל קיינער דענקט נישט אזוי ווי ער — אזוי ווי בערענברענער, דער צארטפיהלענדער מענש, מיט אַן איידעלער נשמה. מיט א הארץ וואָס קלאפּט ווארעם, — ווארעם. עפּעס האָט ער זיך אָנגעקלאפּט אין עמיצען. אהא. מ'שטעהט איהם אין וועג. דער וועג איז פול מיט דערנער. אָ, ענטשולדיגט איהם. ער האָט אייך אפשר א קלאפּ געטון מיט'ן שטע־קען וואָס ער טראָגט אונטער'ן אָרעם. עלדאָ. הא? ער הערט נישט? ער קריכט ווי א בלינד פערד? צו וועמען רעדט ער עס אזוי, דער יונג? ער, בערענברענער, טאָר זיך נישט אויפרעגען, ווייל ער פיהלט נישט גוט. נישט גוט. ווייב. שאליקעל. סע ווערט קיהל. מ'עט איהם דער־לאנגען א פארפאָהר אין די ציין, אז ער וועט זיך איבער־קעהרען.

איהם?!

נאָכאמאל: מ'עט איהם דערלאנגען א פארפאָהר — א האנט איבער א האנט ווי א צלם און ביידע פויסטען

וועלען איהם, בערענבערענער׳ן דערלאַנגען א פאַרפאָהר אין די ציין. אַלע טאָג פּוצט ער זיך די ציין מיט א בערשטעלע און מיט אזא רויטליך וואַסערעל. וועט מען נעמען די ציין זיינע און מ׳עט אין זיי דער־לאַנגען א פאַרפאָהר אריין מיט פרעמדע הענט. וועלען זיי דערלאַנגען א קלונג, ווי סע וואָלטען איינגעפאַלען די זילבערנע גלעקער פון א קאַטעדראַלע. טע־דראַ־לע, און זיי וועלען זיך נעמען וויגען. א מענש מיט לויזע ציין, וואָס וויגען זיך אין ווינט און אז סע גיט א בלאָז — הויבען זיי אָן צו קלינגען. ווייל דער יונג האָט איהם דער־לאַנגט א פאַרפאָהר. א פאַרפאָהר? שרעקליכע וואולגאַ־ריטעט. פאַרפאָהר... פאַרפאָהרען. אריינקריכען יענעם אין מויל אריין און דאָס בלוט וועט רינען ווי פון א גע־קוילעטען אָקס. וועט אראָפּרינען איבער דער באָרד — דעם בערדיל, א פאַרבלוטיגט בערדיל. מיט א פאַרפאָהרען טוליפּעל; אז ער וועט זיך איבערקעהרען אזוי ווי דער קלאון אין היפּאָדראָם — מיט די פיס ארויף, און אָהן מ׳היטעל. און מענשען וועלען זיך צונויפלויפען אין די טויזענדער, און מ׳עט קוקען אויף איהם און מ׳עט באַ־וואונדערען זיין גוטען געשמאַק. אָבער שטילערהייט וועט ער טראַכטען פון צימערוואַלד און פון עלדאָראַדאָ. — עלדאָראַדאָ איז נישט פיליגרירט. פיליגרירט איז בלויז דאָס זילבערווארג פון דער בצלאל־שוהלע, מישטיינס־נעזאָגט. דער מענש! אין דער היים: שטעקשיך, א שלאָפראָק מיט טראָלדען, א וואַרעם קאַפּעל פאַר׳ן קאָפּ (דינע האָר). און די ביכער וואָס ער לעזט. ס׳איז א געוואַלד! צומביישפּיעל — וואָס נישט? לאָז זיין שעקספּיער! לאָז זיין וואָס־סע־וויל! און טאַקע פיליג־רירט... וויפיעל מענשען ווייסען, אז ס׳איז פאַראַן אזא וואָרט ווי פיליגרירט?

ער, בערענבערענער, ווייסט עס. און א האַרץ האָט ער אויך א זעלטענעס. וויפיעל געלט צעטיילט ער — כמעט — צווישען אָרימע. ווייל ער האָט נישט!

ווען ער זאָל האָבען, וואָלט ער געגעבען, מ'עט איהם געבען א פארפאָהר אין די ציין. ווערמען? איהם? מ'עט נעמען און איהם דערלאנגען א פארפאָהר, אז ער וועט זיך איבערקעהרען — א פאָטער פון פיער קליינע קינדער. איינע געהט חתונה האָבען מיט א דאָקטאָר, די צווייטע איז אליין אויך א שוואכע. ס'ווייב זיינס — בערענברענער'ס פרוי — שטאמט פון רבנים, ער אליין איז נעכטען געווען ביי א פראָפעסאָר, האָט ער איהם געזאָגט: צארט געבויט. וועט מען איהם נעמען און מ'עט איהם דערלאנגען א קנאק איבער'ן קאָפּ. איבער וועמעס קאָפּ? איבער זיין אייגענעם קאָפּ, וועט מען איהם דערלאנגען א קנאק מיט א שטיק אייזען — געווען אזא וואונדערבארער מענש, און די גאנצע שטאָדט וועט געהן צו דער לויה. און דער מערדער מיט'ן שטיק אייזען אין האנט, וועט פאלען אויפ'ן קבר און וועט זיך איבערקעהרען. א זעלטענע איבערקעהרעניש. איז ער ארויפגעגאנגען צו איהר אין שטוב אריין און געפרעגט צי זי איז דאָ אין דער היים. ער מוז ליעבען. ער איז נאָך א יונגער מענש. ווי אלט איז ער דען? ער וויל נאָך גע־ניסען פון דער וועלט. איז איהם אנקעגען געקומען די מאמע איהרע מיט'ן גלעזערנעם אויג און געזאָגט: זי איז נישטאָ אין דער היים. האָט ער געזאָגט: א גוטען שבת! און איז אוועקגעגאנגען. עס איז געווען דינסטאָג און די פרוי מיט'ן גלעזערנעם אויג האָט נאָך צוריקגע־ענטפערט: א גוטען שבת, מיסטער, א גוט יאָהר!

מיסטער... ער איז א מיסטער — איז ער! אפשר האָט זי געלאכט פון איהם? וואָס איז דאָ פאראן צו לאכען? ער האָט געמיינט צו זאָגען: א גוטען שבת — קאָן מען שוין האָבען ביי היינטיגען יקרות אויף עסענוואָרג! סאטירע. און זי האָט איהם געענטפערט, ער זאָל אָנטון א שאליקעל און זיך האלטען אויף דער זון. שבת אין דער היים. עך! דאָרט ליגט דער שבת אויף דער גאנצער שטאָט. דאר־אויבס, נאהיט, עפעלקוואס און דאָס

שפּאַצירען איבער די האָפּענפּעלדער. און גאַנצע פּעלדער מיט ווייץ, לאַכען זייער גאָלד צום הימעל אַרויף. אויף אַלע וואַסערען שווימט דער שבת. פון אַלע הימלען ני־דערט ער אַראָפּ, פון אַלע וועלדער גרינט ער אַרויס. דאָ היע, אַז מ'זאָגט אַ גוטען שבת — לאַכט מען. פאַר וואָס? ווייל ס'איז נאָך פיער טעג צו שבת און זי איז נישטאָ אין דער היים. אפשר באַהאַלט זי זיך? זי באַ־האַלט זיך — פאַר ווענען? פאַר איהם? פאַר בערענ־ברענער'ן באַהאַלט זי זיך? פאַר וועלכען בערענ־ברענער? פאַר דעם צאַרט געבויטען בערענברענער מיט דער רייצענדער ד'אַנונציאַ־באָרד, מיט די שוואַרצע אוי־גען און מיט די געפּערלטע ציין? מ'עט מיר דערלאַנגען אַ פאַרפאָהר אין די ציין אַריין, אַז איכ'ל מיך איבער־קעהרען. און איכ'ל מוזען שרייען גוואַלד. גוואַ־לד! עס איז צו שטיל. מ'הערט נישט. גוואַ־לד! דאָס איז שוין אַ ביסעל בעסער, נאָר מען הערט נאָך אַלץ נישט. גע־וואַ־לד! דאָס איז שוין גענוג. נאָר מיר'ן פּרובען נאָך אַמאָל: גע־וואַ־לד!! דאָס מוז ברענגען די מאַסע. די גאַנצע שטאָדט זאָל זיך שטעלען אויף די פיס. דאָס לאַנד זאָל זיך וויגען! מ'עט נעמען אַ שוואַכען מענשען, וואָס איז נעבעכען געוועזען ביי אַ פּראָפעסאָר און וואָס זיין פרוי שטאַמט פון רבנים, און מ'עט איהם דערלאַנגען אַ קנאַק

## ס. דימענטשלייפער

ברידער ארבייטער! אז איהר ווערט געבוירען ביי ארימע טאטע־מאמע, איז איינס פון די צוויי: אדער איהר שטארבט יונגערהייד, אדער נ י ש ט. אז איהר שטארבט נ י ש ט יונגערהייד, איז איינס פון די צוויי: אדער איהר ווערט א פראקטישער פעסימיסט — פאר ז י ך און איהר טוט גוטע געשעפטען, אדער איהר ארבייט ביי י ע נ ע ם און איהר זענט אויף גרויסע צרות. אויב איהר זענט אויף גרויסע צרות איז איינס פון די צוויי: אדער איהר געהט אריבער אין די רייהען פון די סאציאל־דעמאקראטען אדער איהר בלייבט אן אייביגער ארימאן. אויב איהר בלייבט אן אייבינער ארימאן איז איינס פון די צוויי: אדער עס איז ו ו ע ה צו אייך, אדער עס איז ו ו י נ ד צו אייך.

ס. דימענטשלייפער איז געוועזן פון יענעם סארט מענ־שען וואס אויב עס איז זיי נישט ו ו י נ ד איז זיי ו ו ע ה. און אויב ס׳איז זיי שוין גאר גוט, איז עס פון דער ערגסטער, ביליגסטער, צווייפאראקוואדערדיגסטער נוט־קייט וואס עס איז נאר פאראן.

ס. דימענטשלייפער איז א מענש, וואס געהט האנט־אין־האנט מיט די אלערלייסטע, נייסטע, נישט־אויסגע־טראכטסטע אומגליקען וואס די וועלט פארמאגט. וואו ערגיץ אן אומגליק, וואס די נאטהייט ווייסט נישט, צי עס וועט זיין א ערפאלג אדער נישט, פרובט זי עס אויס אויף ס. דימענטשלייפער. אויב עס טשעפעט זיך נישט צו צו א י ה ם, דאן איז א סימן אז דאס אומגליק טויג נישט. אז עס וועט זיך שוין צו קיינעם נישט צוטשעפען. אין

אזא פאל, ערקלערט די גאָטהייט ס'נייע אומגליק פאר א דורכפאל.

ס. דימענטשלייפער איז א שטיל מענשעל, א פארנור־מענס. ער לעזט צייטונגען. ער שרייבט פאָלקסשטימען. ער קלאפט בראוואָ אין טעאטער. אין מינדעסטען ווינט פארלירט ס. דימענטשלייפער ס'היטעל און ער מוז געהן אויף געיעג — נאָכ'ן היטעל. כמעט דרייפערטעל פון זיין פרייער צייט פארשווענדט ס. דימענטשלייפער אויף נאָכלויפען דעם היטעל, אָדער אויף קריגען זיך מיט קאָנדוקטאָרען וואָס שטופען איהם אראָפּ פון דער קאר, אָדער אויף צו פאלען איבער די צעווילדעטע שיך־בענדלעך זיינע. וואָס פארלויפען איהם דעם וועג און קעהרען איהם איבער, און לאָזען איהם נישט מאכען קיין פאָרשריט.

ס. דימענטשלייפער און די מאדאם דימענטשלייפער און די פינף — מ'קען זאָגען כמעט זעקס — דימענטש־שלייפערלעך, פיהרען א שטיל און רוהיג לעבען. דאָס לעבען זייערס איז אזוי שטיל, אז מ'הערט נישט צי עס איז דאָ אין שטוב. אמאָל גיט עס א קוק אריין דורך די פענסטער, זאָגט א שטילען גוטמאָרגען און — סע געהט אוועק. אמאָל פארפלאָנטערט זיך א שטיק זונפאָדעם אין דער גראָהער טאָגטעגליכקייט פון די דימענטשלייפערס' וועלט, אָבער די שווארצע קאץ פון אומגליק קומט באלד ארויס פון איהר באהעלטעניש און נעמט זיך שפילען מיט דעם קנויל, און צערייסט דעם גאָלדענעם פאָדעם. און אלצדינג בלייבט אזוי ארום־און־ארומיג, אזוי נישט־פאר־נעהענד, ווי די אייביגסטע אייביגקייט, ווי דאָס רינגעלסטע רינגעל.

ס. דימענטשלייפער איז אן ארבייטס־מענש, זיין האמער קלאפט, זיין נאָדעל נעהט, זיין מיהלפליגעל דרעהט זיך, זיין פעלד איז געאקערט און זיין גאָרטען איז געפלאנצט. אָבער זיין צייט איז נישט פאראקערט, זיין גליק איז נישט פארפלאנצט, זיינע פאנטאזיפליגעל דרע־

הען זיך נישט, זיין האַרצהאַמער קלאַפּט מיער, און זיין אויג־נאָדעל נעהט נישט קיין ליכטיגע נעצען פון פריה־לינגפליטער, פון זומערזון.

ס. דימענטשלייפער — שמייכעלט נישט. ער אַר־בייט. ער זיצט ביים הויזען־אַמבאָס און שמידט אויס גרויסע און קליינע הויזען פאַר דער מוטער־נאַטור, זיין גרויסער פייער־האַמער האַמערט־אויס מעכטיגע קנעפּיל־בריקען איבער ביידע זייטען פון די פלודערען, זיין אַקער־שער גראָבט אויס אַזוינע טיעפע הויזענטאַשען, אַז עס שווינדעלט אַזש פאַר די אויגען, און עס נעמט — אומגעפעהר — אָנדערטהאַלבען וואָכען איידער די אַריינ־געלענטע האַנט קומט אַרויס צוריק — מיט אַ זילבער־שטיקעל פאַר אַן אָרימען ברודער.

ס. דימענטשלייפער לעבט אין אַ וועלט פון פוטערברויט און — וואו נעמט מען עס ? ער שוועבט אין די הימלען פון פינף פּאָר שיכלעך אַ חודש, ער שווימט אין אַ ים פון קינדערהיטלען און מאַזלען, ער באָדט זיך אין אַ ווייסען מילך־מאַנגעל, ער חלומ'ט שוואַרצע רענט־חלומות, און ער ציטערט, טאָמער וועט זיך אָנכאַפּען דער טון קוילען און — פאַרברענט ווערען.

אַזוי תמיד און תמיד און תמיד'ער.

נאַקעט פון יעדער פאַרצירונג, אויסגעטון ווי אַ סעפּ־טעמבער־מאָרגען, קומען צו איהם די וואָכען — איינס נאָך איינס, איינס נאָך איינס. אין דער רייהע, ווי זעלנער אויף קעסט. יעדען שבת רוהט זיך די וואָך אַביסעל אָפּ, כדי זי זאָל האָבען כח ווייטער צו אַרבייטען, און זונ־טאָג אינדערפריה, שטעלט זיך די מידע, נישט־אויסגע־שלאָפענע, זיעבענטעגיגע וואָך ווידער צו דער אַרבייט און ס. דימענטשלייפער דרעהט זיך אַרום צווישען די קראַנקע טעג־און־וואָכען מיט פאַרזיכטיגע, לייכטע טריט — גאַנצע בערג מיט טויטע וואָכען ליגען אויף דר'ערד, און ער טרעט איבער זיי מיט פאַרשלאָפענער ליבשאַפט,

דאָ און דאָרט דערקענט ער אַ טאָג, וואָס אָטעמט נאָך אַביסעל — אַ שטאַרקער טאָג געווען! אָבער ווער האָט צייט זיך אומצוקוקען? מען איז אַזוי מיד פון אַרומ־געהן צווישען בערג מיט גאָרנישטזאָגענדיגע טעג און וואָכען און יאָהרען.

ס. דימענטשליפער איז נאָך גאָר אַ יונגער מענש, אָבער זיין נאַקען איז שוין קייל־עבדיג געשווירען, זיינע ציין זענען פאַרביג, זיינע אויגען זענען מיט פופצעהן יאָהר עלטער פון איהם, זיינע הענטפידלען זענען אָנגע־צויגען מיט גרויסע, בלאָהע סטרונעס, זיין ברוסט איז נישט ווייט פון דער פלייצע, און דער דרויסען איז אפשר צעהן מייל ווייט פון זיין שטוב.

לעבט ער און — הוסט, און לויפט אויף געיעג מיט זיין היטעל — בשעת עס איז אַ ווינט און פאַלט איבער זיינע אייגענע שיך־בענדלעך, און ער קען נישט אַנט־לויפען פון זיינע אייגענע פיס, וואָס שטעהען איהם אין וועג, ווי צוויי הויכע שונאים.

ס. דימענטשלייפער'ס קולטור: ס'בינטעל־בריעף, טעאַטעראַנאָנסען, טהעדאַ־באַראַ, רעדען דורכ'ן טעלעפאָן, פייפען די מאַרסעליעזע, לאָזען זיך פאָטאָגראַפירען, שרייען „נעמט עס צום אָפּשטימונג", און רויכערען ציגאַ־רעטען מיט מונדשטיקער.

ס. דימענטשלייפער איז קראַנק פון צופיעל לעבענס־זיסקייט, וואָס קומט פון ביטערער אַרבייט, און אפילו זיין שלאָף איז פאַרוואונדעט און האָט צובראָכענע פליגעל. — קרעכצט דער שלאָף איבער זיין בעט, און ער רעדט צו איהם פון קיהלע שפּיטאָלערייען, און ער סוד'ט איהם אריין אין אויער אַלערליי פאַרבינגע, גלאַנ־צענדיגע, בלישטשענדע מעדיצינפלעשלעך—מיט רויטע, געלע און גרינע וואַסערלעך, וואָס ברענגען היילונג אָהן אַ סוף.

אָבער ס. דימענטשלייפער האָט נישט קיין צייט צו

נעמען זיין געזונט אונטער'ן שפּאַקטיוו, עס צושרויפּען, און עס צוריק צונויפשטעלען. ער האָט נישט קיין צייט עס אוועקצוטראָגען צו אַ געזונדהייטס־סטאָליאַר און לאָזען אריינשטעלען אַ נייע טיר, אָדער אונטערשטעלען אַ באַלקען אונטער דעם איינגעפאַלענעם גייסטיגען סופים, אָדער אונטערהויבען אַביסעל דעם פונדאַמענט — די געביידע זאָל נישט ליידען פון רומאַטעס.

ער איז אַ פאַרנומענער מענש — ש ר ע ק ל י ך, וואָס־ווייסט־איהר־ווי־פאַרנומען. נאָר אַמאָל אַז ער ארבייט נישט אַ טאָג, דעמאָלט דערמאָנט ער זיך, אַז זיין פערזענליכקייט פאָדערט אַ גרינטליכע אויסבעסערונג — פון הינטען ביז אַרויף. און דעמאָלט פּאַסירט, אַז:

אַזוי ווי ער ווערט געוואָהר, אַז היינט דאַרף ער נישט אויפשטעהן פריה, ווייל ס'איז גישטאָ קיין ארבייט, שטעהט ער אויף זעהר פריה און הויבט זיך אָן פיקסען — מיט אַלע כחות, און אָהן אַן אָפּהאַלט. די ערשטע זאַך שטעלט ער זיך באַנקעס איבער'ן גאַנצען לייב. דאַן לאָזט ער זיך שלאָגען צו דער אָדער און טשעפּעט זיך אָן עטליכע פּיאַווקעס הינטער די אויערען, דאַן געהט ער אין אַ שוויץ, דאַן ל ע ק ט ע ר י ז י ר ט ער זיך, דאַן לויפט ער אוועק צו אַ דענטיסט און לאָזט זיך ארויסבאַפּען אַ פּאָר ציין, דאַן טרינקט ער אויס עטליכע אַפּטייקען מיט וואַסערלעך, רייבט זיך אָן מיט אַלערליי זאַלבען, און אַז סע בלייבט איהם נאָך צייט, לויפט ער אריין אין אַ שפּיטאָל און לאָזט זיך אויסדרילעווען אַן אויער, אָדער אויסשניידען דעם אַפּענדיקס, אָדער אויסברענען די נאָז, אָדער וואָס־נישט־איז, אַבי צו ווערען געזונט, — וואָס־שנעלער און האַריאָפּ, און אויף־איין־פוס.

נאָך אַזאַ מין „ליידיגען" טאָג, ברענגט מען איהם געוועהנליך אַהיים — ביסלעכווייז; מ'דאַרף געהן פיער מאָל אַהין און צוריק, איידער מען ברענגט איהם אין גאַנצען אַהיים. און ער איז טויטשוואַך און ער הוסט,

און ער איז ארומגעבונדען מיט אלערליי באנדאזשען און ער פיבערט, און ער איז איינגעטונקען אין יאָד און זיינע פולסען ארבייטען אזוינע לאנגע שטונדען אז זיי פאלען אזש פון די פיס. און ער איז אויס־מענש. אָבער ס. דימענטשלייפער איז גליקליך. צווישען זיינע צוויי וואָנצענבערג — שלומערט א גליקליכער, נאָך־נישט־אױ־בערגעפראָהרענער שמייכעל: ער פיהלט, אז ער האָט היינט עפּעס אויפגעטון פאר זיין געזונט, אז ער האָט פארבעסערט זיין לאגע מיט א שנעלקייט פון פערציג מייל א מינוט.

אָ, דימענטשלייפער, דימענטשלייפער!

# דער אַנאַרכיסט

מיין נאָמען איז הערמאַן זילבער. איך בין פינף־און־דרייסיג יאָהר אלט, טראָג נישט קיין לאַנגע האָר, בין פון מיטעלען וואוקס, טראָג נישט קיין ווינדזאָר־קראַוואט און פונדעסטוועגען בין איך אַן אנארכיסט.

אזוי אז איהר וועט מיך אָנקוקען, וועט איהר נישט גלויבען אז איך בין פון יענע מענשען, וואָס זענען גרייט צו צעשטערען די אלטע אָרדנונג און אויפשטעלען א נייע. איך בין אן עלעגאַנטער מענש. מיט א זויבערען קראַגען, מיט ריינע פינגער־נעגעל. יעדען אין־דער־פריה באָד איך מיך אין קאלט וואסער און יעדען ביינאכט אז איך קום א היים פון מיין געשעפט, ציה איך נישט אראָפּ די פאָרהאַנגען און צעהל איבער די באָמבעס, נאָר פארקעהרט: איך זעץ מיך אוועק אין דעם ווייכען פאָטערשטול, טו מיר אָן די פילצענע שטעק שיך, פאַרוויכער מיר א גוטען ציגאַר און שפּיל זיך מיט די קינדער (כ'האָב פינף קינדער) און פרעג זיך נאָך ביי מיין פרוי אויף דעם געזונט פון איהר אלטער מוטער.

איך בין מיר א שטילער, ליעבליכער מענש, נישט קיין אנארכיסט פון דעם ענגלישען טעאטער ארויס, אָדער פון די פילם־בילדער. יענע שרעקליכע מענשען, וועלכע האָבען אזוינע מערדערישע וואָנצען און וואָס טראָגען זיך ארום מיט א פּלאַן, אראָפּצופיהרען אן אייזענבאהן פון די רעלסען און אויף אזא אופן דער'הרג'־ענען דעם קנעפּעל־מאַגנאַט אינאיינעם מיט די איבריגע אומשולדיגע פּאסאזשירען. איך רוף נישט מיינע קינדער מיט אזעלכע נעמען, ווי ק א ר ל מ א ר ק ס, מ י כ א ע ל

באקונין, פערדינאנד לאסאל, נאָר אדרבא, איך רוף זיי מיט ריין־אידישע נעמען. דאָס עלטסטע אינ־געל מיינס הייסט חיים, דאָס צווייטע אינגעל — וואָס טראָגט א זעלנעריש אָנצוגעל — הייסט איציק, און דאָס דריטע אינגעל — וואָס געהט אין דער נאציאָנאל־ראדי־קאלער שולע — הייסט שלום־אבא, נאָך מיין פרוי'ס זיידען, וועלכער איז געווען א דין. און פון מיינע צוויי מיידלעך הייסט איינע פראדעל און די צווייטע טויבטשו — פארצויגען פון טויבע.

אן אנארכיסט בין איך געוואָרען נאָך אין די יונגע יאָהרען. זיך אָפגעלערענט פון מיין מוטער (איך בין אין גאנצען געראָטען אין מיין מוטער). וואָס דער טאטע האָט געזאָגט יאָ, האָט זי געזאָגט ניין. זי האָט זיך נישט געוואָלט אונטערוואַרפען צו אויטאָריטעט. זי האָט נישט אויסגעפאָלגט דאָס געזעץ, אז א פרוי דארף זיין פאר־שקלאפט צו איהר מאן, זי האָט געגלויבט אין דעם רעכט פון דעם איינצעלנעם, דאָס הייסט, פון זיך אליין, און וואָס זי האָט געוואָלט האָט זי געטון. און אז דער טאטע האָט איהר עפּעס געזאָגט א וואָרט, האָט זי איהם אָפּ־געענטפערט — נישט מיט טעראָר, נישט מיט קיין באָמ־בעס — נאָר מיט א שארף־שניידענדיג שמייכעלע וואָס געהט דורך דורך די ריפען און עסט זיך אריין אין פלייש, ווי א דינע שפּיעז. זי האָט נישט גענוצט קיין געוואלד נאָר שכל. אז דער טאטע פלעגט איהר נישט ווע־לען פאָלגען, פלעגט זי אוועקפאלען און חלש'ן, און דער טאטע האָט געהאט אן ארבייט זי צו מינטערען און צו שיקען נאָך דאָקטוירים.

זי איז געווען א פריעדליכע, א שטילע, א גוטהאר־ציגע אנארכיסטין, מיין מאמע! שטילערהייט פלעגט זי פרעגלען רויזען־סירופּ פאר אָרימע קימפּעטאָרינס און פאר קראנקע, און זעהר אָפט פלעגט מיר אויסקומען צו זעהן, ווי מיין מוטער גנב'עט זיך שטילערהייט אראָפּ אין פינסטערען קעלער, פארשליסט הינטער זיך די טיר, זאמט

זיך עטליכע מינוט און אז זי קומט ארויס איז זי אביסעל פארדרויטעלט, צעשראָקען, קוקט זיך ארום צי קיינער זעהט ניט. דאן גנב'עט זי זיך שטילערהייט ארויס פון שטוב, דרעהט זיך ארום דורך אלערליי הינטער־געסלעך, ביז זי קומט צו אן אָרים שטיבעל, פון וואנען עס הערט זיך דאָס פּישטשען פון א ניי־געבוירען קינד, און מיט ציטערדיגע הענט נעמט זי ארויס פון אונטער'ן שירץ דעם סלאָי רויזען־סירופּ און גיט איהם איבער צו דער קימפּעטאָרין.

אז איך בין אויסגעוואקסען און האָב געזעהן, אז די וועלט איז פול מיט סוחרים און מיט ציוניסטען, און כמעט יעדער בחור ביי אונז אין שטעדטעל איז ענטוועדער א סוחר אָדער א ציוניסט, האָב איך באשלאָסען, אז איך וועל זיך נעמען צו עפּעס א נייעם פאך. האָב איך געוואָלט ווערען א גאָלד־שמיד, האָט מיין טאטע נישט געלאָזט, ווייל גאָלדשמידעריי, האָט ער געזאָגט, איז א מלאכה. בין איך אוועקגעפאָהרען אין דער שווייץ, געגעסען מילכיגס, געלערענט עטליכע יאָהר און געוואָרען אן אנארכיסט, — א שטילער, א פריעדליכער אנארכיסט, מיט שטארקע מוסקולען, מיט א פריעדליך הארץ, און מיט א גוטען שמייכעל אויפ'ן פּנים.

שפּעטער האָב איך מיך פארליעבט אין א מיידעל, זיך נאָכגעפרעגט צי זי שטאמט פון פיינע עלטערען, וויפיעל נעלט איהר פאָטער קאָן געבען, צי איז זי א געזונטע, צי זי איז געבילדעט. און אז איך האָב אויסגעפונען אז אלצדינג איז בעסער ווי געוואונשען, האָב איך זיך אין איהר פארליעבט און חתונה געהאט, — צוערשט געזעצליך און נאָכדעם לויט'ן אידישען דין.

עס איז אוועק אונגעפעהר א יאָהר און מיין פרוי האָט מיר געבוירען א איינגעל, האָב איך איהם א נאָמען געגעבען חיים, האָב איהם געלערענט העברעאיש, און האָב איהם געפּרובט אויפציהען אזוי גוט ווי איך האָב נאָר געקאָנט. שפּעטער זענען געקומען נאָך קינדער, די

געשעפטען האָבען אָנגעהויבען געהן שלעכט, בין איך אוועק קיין אמעריקא, וואו איך האָב געעפענט א געשעפט פון שטיקערייען. אָנגעקומען בין איך עטליכע טעג פאר יום־הקדוש. און אז כ'האָב שפעטער מיט עטליכע טעג געזעהן ווי אלע גאסען זענען פול מיט בלאסע אידישע מאנסבילען און פרויען, וואָס פאסטען אום יום־כפור, און ווען איך האָב דערהערט די אומעטיגע תפלות וואָס האָבען ארויסגעקלונגען פון די שוהלען און בתי־מדרשים, איז מיר געוואָרען אזוי אומעטיג־זיס אויפ'ן הארצען, אזוי באנג — און ס'האָט מיך אזוי פארדראָסען, פאר וואָס מיין לעבען איז אזוי לעדיג, אָהן גלויבען, פארוואָס איך קאָן נישט אוועקשטעלען זיך נעבען שטענדער, מיט די ברענענדיגע ליכט, אוועקלעגען דעם קאָפּ אויפ'ן אָרעם און זיך אראָפּוויינען דעם שטויב פון הארצען, ארויס־קלאָגען מיינע זינד און אונבאהאָלפענקייט.

עס איז אוועק נאָך א שטיקעל צייט און איך האָב זיך באקאָנט מיט דער ס אָ ל ו י י ש אָ ן א ר מ ע ע, און עס איז מיר געפעלען געוואָרען דאָס וואָס זיי פיהרען דעם גלויבען צום מענשען, אָנשטאט צו פיהרען דעם מענשען צום גלויבען. עס זענען מיר געפעלען געוואָרען די מיידלעך מיט די רויטע שטענגעס אויף די היט און די שמאָלע לבנה־געזיכטער מיט די פיבערדיגע אויגען, און די פּייקעל־מוזיק, אָבער נאָך מעהר איז מיר געפעלען געוואָרען דאָס, וואָס זיי טיילען אין די ווינטערדיגע נעכט הייסע קאווע און ברויט צו אָרימע מענשען. איך האָב זיך גענומען פאראינטערעסירען אין קריסטענטום און כ'בין געוואָרען א נאציאָנאלער איד, א שטארקער אָנהענגער פון דער אידישער ליטעראטור, פון דער אידישער קונסט, פון דער אידישער קולטור.

זינט דעמאָלט זענען שוין אוועק יאָהרען. היינט בין איך שוין א טאטע פון פינף קינדער. מיינע געשעפטען געהען גאנץ גוט. איך גיב מיינע קינדער א פיינע ערציי־הונג. איך לעז נישט דעם זשורנאל „די מוטער ערד“,

איך שילט נישט דעם קאפיטאליזם, איך האָב נישט קיין באַמבעס אונטער'ן בעט, איך האָב קיינמאָל נישט גענוצט קיין קינזשאל, איך טראָג נישט קיין שווארצען הוט, אריבערגערוקט איבער די אויגען. יום־כפור שטעל איך זיך נישט אוועק פאר א שוהל און עס חזיר, איך איך האָב נישט קיין אייגענע הויז אין בראָנזוויל, איך גלויב נישט אין קיין אנדערע פרייע ליעבע, ווי די מיט אן אייגען ווייב, און אז מיין אָרטאָדאָקסישער טאטע איז געשטאָרבען, בין איך נישט געגאנגען קיין טאנץ אויף זיין קבר, נאָר — איהר וועט עס גלויבען צי ניין? — איך בין געלעגען אין בעט, קראנק פון יסורים — כאָטש ס'איז געווען אן אייגענער טאטע, און כאָטש ער פלעגט דאוונען אלע טאָג, און כאָטש ער האָט נישט גע־וואוסט קיין זאך וועגען די לעהרען פון פרודאָן.

איך בין אן אנארכיסט. אָבער נישט אזא אנארכיסט וואָס איהר זעהט אין קינאָמאטאָגראף, נישט קיין אנאר־כיסט וואָס איהר באגעגנט אין די אמעריקאנישע נאָ־וועלען, נאָר אן אמת'ער דורכשניטליכער אנארכיסט, וואָס שטרעבט צו דער פרייהייט פון דעם איינצעלנעם, און צו דערזעלבער צייט קושט ער זיין אייגענער פרוי, איז א טאטע צו זיינע אייגענע קינדער, ארבייט זעקס טעג אין וואָך, גיט אכטונג אז די הויזען זאָלען האָבען א קנייטש, לייענט גוטע ביכער, גיט אמאָל אן אָרימאן א נדבה, האָט ליעב אידישע פאָלקס־ליעדער, רעדט אין א שטילען טאָן, האלט נישט אז דוד ערעלשטאדט איז דער גרעסטער אידישער דיכטער, טראָגט זיך נישט ארום מיט רוסישע בראָשורען, געהט נישט אין צענטראל פארק צו דער מוזיק, טראָגט נישט קיין שטעקען.

איך בין א דורכשניטליכער, עהרליכער, ארבייטס־זאמער אנארכיסט, — פון די וואָס ווארפען זיך נישט אין די אויגען. פון די וואָס איהר באגעגנט נישט אויפ'ן געפעהרליכען וועג פון ד י ר ע ק ט ע ר א ק צ י אָ ן, נאָר — פ א ר ק ע ה ר ט.

## פרינץ איפ

ווי וואויל ער האָט געהייסען — פ ר י נ ץ  א י פ, — האָט דאָס איהם פונדרעסטוועגען נישט געשטערט צו זיין א גאנץ פשוט אידעל פון דער ליטע, וואָס רעדט מיט דער ס י ן און איז א סוידערהאַפטער ראַדיקאַל.

פ ר י נ ץ  א י פ — אָדער ווי זיין ריכטיגער נאָמען איז דאָרט נישט געווען! — האָט נישט געאַרבייט. ער האָט געגעסען, אויב ער האָט געהאַט וואָס. דאָס האָט זיך געטראָפען זעהר זעלטען, נאָך א סך זעלטענער ווי איהר שטעלט זיך פאָר. וואָרים — די פרינץ־איפיכע — איז געווען א גאנץ פשוט'ע אידענע פון א גאנץ יאָהר, אָהן הויכע אידעאַלען און אָהן הויכע אַלצ־דינג. א חוץ דעם איז זי טאַקע געווען א שוואַך ווייבעל און צו דערנעהרען אזא געזונטען, פולבלוטיגען פרינץ איפ, וועלכער האָט זעלטען־ווען געהאַט א ווייסע צונג, איז געווען איבער איהרע כחות.

אָרימע פרוי פון דעם לעדיג־געהענגדען פרינץ איפ. אָרימע מאַדאַם אזוי און אזוי. מיר האָבען די פולסטע סימפּאַטיע מיט דיין אומגליק — מיט דיין מאַן!

נאָר פון סימפּאַטיע אליין קאָן נאָך נישט ווערען קיין הומאָרעסקע, דאַריבער מוטשען מיר די טעמאַ ווייטער און מיר לאָזען זי נישט אָפּ פונ'ם אויג, ווייל־אַך! מיר זעהען אין איהר פאַרבענקט אויג, אז זי וואָלט זיך גערען אויסגעריסען פון אונזערע הענט און געגאַנגען אביסעל שפּאַצירען איבער די פריהלינג־לענדער.

ווי מיר האָבען שוין געזאָגט פריהער אין א רייהע אַרטיקלען, איז אונזער פרינץ איפ געווען א חוץ אן אי־

בערנגעבענער עסער אויך א געטרייער און איבערגעבע־
נער אפיקורס. צו באגעהן אן עבירה געגען דעם מיעדען
הער גאָט אין הימעל, האָט פּרינץ איפּ געהאַלטען פאר
דער גרעסטער מצוה — אויב מען מעג אזוי זאָגען. פאר
אן עבירה וואָלט ער געלאָפען אין פייער אריין, וזען איהר
זאָלט איהם צום ביישפּיעל, אויפוועקען אין מיטען
נאכט און זאָגען: „אין די בראָנקס האָט איהר איצט א
געלעגענהייט עובר צו זיין א געבאָט פון דער תורה“,
וועט ער אויף זיך באלד כאפּען די קליידער און לויפען
אין די בראָנקס, מיט פּארפּלאָמטע, בלוט־געצונדענע
באקען, און די אויגען וועלען ביי איהם ברענען ווי א
נאכט־פייער, וואָס שימערט זיך ארויס פון א גרינעם,
גוט ענטוויקעלטען זומפּ.

פּרינץ איפּ איז געווען אזא ליכטלינג, אז
יאנאָווסקי׳ס „פרייע ארבייטער שטימע“ איז ביי איהם
נישט געווען געגוג אינטער־וואָס־נישט־איז. עמא גאָלד־
מאַן איז ביי איהם געווען א זידעלוואָרט: סטייטש, אזא
צוריקגעשטאנענע! קורץ, אונזער פּרינץ איפּ איז געווען
דער ריכטיגער ראדיקאל, דער אמת׳ער גאָט־פּארניכטער,
דער איבערגעבענער רעליגיאָן־צעשמעטערער, און אזוי
ווייטער און ווייטער.

און געטריי צו זיינע קליינע פּרינץ איפּען, וועלכע
האָבען ארומגעכאפּט זיין הארצשטוב, האָט אונזער פּרינץ
איפּ אָנגעפיהרט א שארפע געגנערשאפט צו דעם אלט־
מאָדישען גאָט פון ישראל, וואָס געהט נישט הערען קיין
לעקציעס און לערענט נישט אין קופּער יוניאָן. דערהויפּט
האָט ער אָנגעפיהרט אן אָפּאָזיציע צו דעם אידישען
גאָט׳ס ימים טובים. אזוי האָט ער, למשל, געהאט א
כלל, אז אלע שמחת תורה מוז ער פאסטען און פּייניגען
זיין גוף מיט צביון׳ס ארטיקלען. שבועות פלעגט ער
לאָזען אָפּפארבען זיין קיך פון גרין אויף ווייס, אָדער
אן אנדער פארב. און עסען פלעגט ער דעם טאָג בלויז
פליישיגס. חנוכה פלעגט ער נישט שפּיעלען קיין קאָרטען,

ווען איהר זאָלט איהם אפילו אָפּגילטען, און פּורים פלעגט ער נישט נעמען קיין טרונק בראנפּען, ווען ער זאָל אפילו לאָזען די נשמה. דאגעגען, אום יום־הקדוש פלעגט ער זיך אָנעסען און אָנטרונקען פון דעם שעה־סטען און בעסטען, און כדי נאָך מעהר אויפצורייצען דעם אי־דישען גאָט, פלעגט ער זיך כלומרשט אוועקזעצען ביים טיש און בענשען נאָכ'ן עסען און אָנקוועלען פון תענוג, וואָס ער „רייבט דעם רבונו של עולם א קריזש" — ווי ער פלעגט דאָס אָנרופען.

אָט אזוי האָט זיך געלעבט און „געווירקט" געגאָסע פּרינץ איפּ, דער זוהן פון קעניג אונמעגליכקייט דעם ערשטען, ביז צום יאָהר 1918, וואָס איז, ווי איהר ווייסט געווען א ביטער יאָהר פון אלע שטאנדפּונקטען.

פון אונזערע פריהערדיגע דריי ביכער מיט א פיינעם גאָלדשניט ווייסען מיר שוין, אז פּרינץ איפּ האָט נישט געארבייט; ער האָט גענעסען. געארבייט האָט זיין פרוי — די פּרינצעסין איפּ, אָדער די איפּיכע. זי פלעגט וואַ־שען וועש, נעהען קליידער פאר די אייגענע קינדער און פאר פרעמדע, טון אנדערע אונליטעראַרישע אָבער זעהר ניצליכע ארבייטען.

אָבער אָט, זאָגט ער, האָט זיך אָנגעטראָגען דאָס שווערע יאָהר 1918. פּרינץ איפּ, וועלכער האָט א סך יאָהרען געארבייט ביי „סלעק", האָט היינטיגען יאָהר נישט געהאט וואָס צו טון, וועיל כמעט אלע סלעק־פאב־ריקען זיינען געשטאנען לעדיג און ס'איז געווען א סך ארבייט. די פרוי זיינע האָט אויך נישט געארבייט — זי איז געווען קראנק און פארקיהלט און אויסגע'חלום'ט דאריבער האָט פּרינץ איפּ און זיין הויז־געזינט נישט געהאט וואָס צו עסען. שוין לאנג פאר פסח איז צו די פּרינץ איפּען אין שטוב אריין נישט אריינגעקומען א ברעקעל חמץ, און זיי האָבען זיך אויסגעלאָזט ווי די ליכט.

דער אלטער פּרינץ איפּ אליין האָט שוין אויסגעזעהען

ווי א ביליגער שאָטען פון זיך זעלבסט — שלעכט גע־
צייכענט. מיט א פּאַרוואָקסענער שטעכיגער באָרד, איינ־
געפאַלענע באַקען, און דאָס שרעקליך רויטע העמד, האָט
אויסגעזעהען ווי א לעבעדיגע סאַטירע אויף דעם „צלם
אלקים" און איז געווען א שרעקליכער געגענזאַץ הן צו
איזידאָרא דאָנקאָן הן צו אַפּאָלאָ פון בעלוועדיר.

צוויי וואָכען פאַר פּסח האָבען זיך די שכנים דער־
וואוסט פון פּרינץ איפ'ס גאָר נישט פרעהליכער לאַגע
און געמאָלדען צו חברה „מעות חטים". די חברה האָט
די זאַך אונטערזוכט און ווי איהרע פינאַנציעלע מיטעל
זענען היי־יאָהר געווען קליין, האָט זי פונדעסטוועגען
באַשלאָסען, אז מען קאָן נישט לאָזען, אז א איד זאָל
ח"ו עסען חמץ אום פּסח און זיי האָבען ארויפגעשיקט
צו די פּרינץ איפּ'ען פערציג פונט מצות, א טעפעל
שמאַלץ און א האַלב שאָק אייער.

אז דער אַלטער פּרינץ איפּ האָט דערזעהען די פּסח'־
דיגע זאַכען, האָט ער א ציטער געטון מיט'ן גאַנצען
קערפּער, געוואָרען רויט ווי די פרייהייט נאָכדעם ווי
מען האָט איהר דערלאַנגט א פּאַטש, און ער האָט גענו־
מען שרייען מיט באַנומענע קולות, אז מען זאָל די אַלע
פּסח'דיגע זאַכען ארויסוואַרפען אין דרויסען ארויס און
אז ער, דער אַלטער, גרייז־גרויער פּרינץ איפּ, וועט בשום
אופן נישט עסען קיין אַנדער זאַך ווי חמץ.

עס איז געגען דעם פּרינציפּ!

ער קאָן נישט!

דאָס האַרץ דערלאָזט נישט!

עס עקעלט איהם!

הערט איהם אויף איינצושמועסען!

בעסער אויסגעהן ווי א ליכט, איידער עסען מצות!

און וואָס האָט געזאָגט די פּרינץ איפּיכע? — וואָס
האָט זי נעבעך געזאָלט זאָגען? זי האָט געוויינט ווי א
קינד, געקייט מצות מיט שמאַלץ און געבעטען איהר מאַן
ער זאָל נישט זיין קיין נזלן אויף זיך אַליין... און אז ער

זאָל געדענקען אז בשעת א מענש איז אין נויט מוז ער א קאפיטשקע פארבויגען זיינע פרינציפען. און — זי האָט אָפגעפרעגעלט א פּאָר אייער.

אָבער פרינץ איפּ, הונגעריג ווי ער איז געווען, און שטארק ווי די געפרעגעלטע אייער מיט די פרישע מצות האָבען גערייצט זיין אפּעטיט, האָט ער זיך דאָך נישט געקאָנט באשליסען צו אזא זאך ווי צו עסען מצות אום פסח.

דאָס הארץ האָט איהם נישט דערלאָזט — דאָס אלטע פרינץ איפּישע הארץ!

און אזוי האָט זיך געשידען פון דער וועלט איינער פון גאָר די לעצטע, פון די סאמע פרינציפּיעלסטע פריי־דענקער און טרעגער פון ליכט, געגאָסע פרינץ איפּ — פריעדען צו זיין נשמה!

און איצטער, קינדער, לאָמיר זיך אלע אויפהויבען און זינגען די מארסעליעזע!

## עסען די נאַכטיגאַל?

פאָרוואָרט.

איידעלמאַן איז אַן עסטעט.

איידעלמאַן טרינקט הימעלזאַפט. איידעלמאַן עסט שאָטענשפּינוועבס, סערווירט אויף אַ חלום פון שטערענ־גאָלד, און באַשאָטען מיט לבנה־רייז.

איידעלמאַן טראַכט אַזוינע איידעלע געדאַנקען, אַז ער קען זיי אַליין נישט כאַפּען. יעדער געדאַנק זיינער איז בלויז אַן איידעלער חשד פון אַ געדאַנק, וואָס ער וואָלט געוואָלט דענקען, נאָר ער ווייסט נישט ווי אַזוי.

איידעלמאַן איז פול מיט געפיהלען, מיט צאַרטקייט, מיט נאָבעלקייט, מיט האַרציגקייט.

איידעלמאַן, איידעלמאַן!

דיין יעדער שריט איז שעהנקייט, דיין יעדער בליק איז ערהאַבענקייט, דיין יעדע טראַכטונג איז אַ בית־המקדש, מיט אויסגעלאָשענע מנורה־ליכט. אַ טרוים־גאָרטען ביזטו, מיין איידעלמאַן, און דיינע ערשט־פּרוכטען זענען — עסטעטיק, שעהנקייט, עהרליכקייט.

אַ ליעד ביזטו, מיין איידעלמאַן, אַ פּאָעמאַ, אַ מאַני־לייביזם.

און גאָרנישט איז דיר איז גראָב. און גאָרנישט איז דיר איז רוי. און גאָרנישט איז דיר איז טאָגטעגליך — לויטער טרוימעריי און פּורפּורשיין און פּרוכת־פייער און זאַפראַן־רויטקייט.

אַ שפּיץ פון אַ הימאַלאַיען־באַרג ביזטו, מיין איידעל־

מאַן, אַ הירש וואָס אַנטלויפט פון׳ם וועלט־יאַריד!
אַ שטיק נשמה־סאַמעט, אויסגעשפּרייט אויף אַ טומאַן פון צעריבענע דימענטען.

מיין איידעלמאַן, מיין איידעלמאַן, מיין איידעלסטער איידעלמאַן, איך טו נעמען און דערצעהלען וועגען דיר אַ מעשה, וואָס איך האָב אַליין אויסגעטראַכט.

די געשיכטע מיט איידעלמאַנען.

איידעלמאַן דער ליעבער, איידעלמאַן דער שעהנער, איידעלמאַן דער דורכאויס עסטעטישער איז פאַרוואָרפען געוואָרען אויף אַ ווייטען אינזעל, וואָס איז באַקאַנט אַלס יעדערטאָג־אינזעל.

ווי אַזוי? און ווען? וואָס האָט זיך געטון פאַרלויפען מיט אונזער הויכעסטעטישען איידעלמאַן? און פאַרוואָס איז ער מיט אַמאָל, און פּלוצים, און אָהן שום נאָטיץ צו אונזערע לעזער, אַראָפּגעשטופּט געוואָרען פון דער בלאַסער טרוימוועלט, צו דעם האַרטען, נישט־עסטעטישען אינזעל פון פּוטערברויט? קיינער ווייס נישט. איך ווייס נישט. דו ווייסט נישט. מיין פּעטער ווייסט נישט! מ׳ווייסט נאָר דעם פאַקט:

דעם צוויי און צוואַנציגסטען סעפּטעמבער פון דעם יאָהר אַזוי־און־אַזוי איז אונזער איידעלמאַן אויפגעשטאַנען אין דער פריה, און געזעהן אַז ער שלאָפט נאָך. אָדער אפשר איז דאָס געוועזען נאָר אַ שרעקליכער חלום? אפשר חלומ׳ט זיך איהם נאָר, אַז ער שלאָפט, בעת אין דער אמת׳ען איז ער שוין לאַנג אויפגעשטאַנען, און גענומען זיין טעגליכען שפּאַציר איבער די ליליענפעלדער פון קונסט־און־דראַמאַ?

איידעלמאַן האָט זיך אַ קניפּ געטון און ער האָט געזעהן, אַז סע טוט וועה.

איידעלמאַן האָט געוואָלט אַ געשריי טון פון וועהטאָג, אָבער ער האָט זיך דערמאָנט, אַז עס פּאַסט נישט פאַר אַן עסטעט אַרויסצולאָזען אַ נישט־מוזיקאַליש געשריי.

האָט ער נישט געשריען, נאָר ער האָט געטון אַ קליין זיפּצעל, נומער דריי, זיך געבראָכען די פינגער לויט אַ גע־וויסען ריטם, און זיך אװעקגעזעצט טראַכטען װעגען די — אַלטע גריכען.

אָפּגעטראַכט װעגען די אַלטע גריכען איז ער אַװעק צו די רוימער מיט זייער װאונדערבאַרער קולטור, און אַז ער איז פאַרטיג געװאָרען מיט די רוימער, האָט ער גענומען און איז אַװעקגעגאַנגען ערגעץ אין אַ װינקעל — מיר װילען נישט זאָגען נאָך װאָס.

דאַן האָט ער זיך אַװעקגעלאָזט איבער די גאַסען פונ׳ם לײדינגען אינזעל און גענומען זוכען מאַטעריאַל פאַר נאָכ־מיטאָג־חלומות אָבער ער האָט נישט געפונען. דער אינזעל איז געװען לײדיג און װיסט. לײדיג און װיסט.

די װײטערע ענטװיקלונג פון אונזער הומאָרעסקע.

לײדיג און װיסט איז געװען דער אינזעל. לײדיג און װיסט איז געװען אײדעלמאַנ׳ס נשמה.

און דערװײל איז ער געװאָרען הונגעריג — ש ט אַ ר ק הונגעריג ; מ׳קאָן זאָגען : אַ ו י ס ע ר ג ע װ ע ה נ ל י ך הונגעריג.

דער נעמליכער הונגער האָט איהם װי אַ װילדער װאָלף אַנידערגעװאָרפען צו דר׳ערד און געפּרעסען זײן לײב זעהר פּאַמעליכען אָבער זעהר ג ר י נ ט ל י ך.

אײדעלמאַן איז אַזוי געלעגען עטליכע טעג און נישט געװאוסט װאָס צו טון. אינדערהײם איז ער געװאוינט געװען צו עסען פונ׳ם בעסטען, און צו טרוימען פונ׳ם שענסטען. אַרבײטען האָט אײדעלמאַן נישט געאַרבײט, ער האָט נאָר געטרוימט און — געגעסען, און איצט !

אַה ! צװײ מאָל אַה ! ! דרײ מאָל אַה ! ! ! עס איז געװען טרויעריג.

אײדעלמאַן איז געװען פאַרשמאַכט. די ליפּען זענען בײ איהם געװען צובראָכען די טרוימען זענען איהם געװען

אויסגעטריקענט, און די עסטעטישע געפיהלען זענען גע־וועזן אזוי ווייט פון איהם ווי א — שטיקעל ברויט.

איידעלמאן איז געווען פארצווייפעלט און ער האָט נישט געוואוסט וואָס צו טון, האָט ער געטון דאָס וואָס יעדער מענש טוט געוועהנליך ווען ער האָט נישט וואָס צו טון — ער האָט געזוכט עסען.

מיט די הוילע פינגערנעגעל האָט אונזער איידעלמאן זיך געגראבעלט אין דער ערד, אפשר וועט ער עפּעס געפינען צו עסען. אָבער די ערד איז געווען טרוקען און זאמדיג און לעדיג פון אלצדינג — אפילו פון ווערים.

„אָט הפנים אז די ווערים האָבען דאָ נישט וואָס ווע־רעמדיג צו מאכען", האָט איידעלמאן געטראכט מיט א נישקשה'דיגער סאטירע. אָבער זיין הונגער איז געוואָרען אלע מינוט שטארקער, שרייענדיגער.

די שווערד פון הונגער האָט זיך געשארפט אויף דעם געראנק פון געווען מאָלצייטען און איז אלע מאָל גע־וואָרען בלישטשענדער, געפעהרליכער.

צום סוף, ווען איידעלמאן האָט זיך שוין כמעט נישט געקאָנט באוועגען פון מיעדקייט און פון הונגער, האָט ער דערזעהען א נאכטיגאל, וואָס איז אראָפּגעפאַ־לען לעבען איהם — מיט א צעבראָכענעם פליגעל.

א נאכטיגאל! האָט זיך איידעלמאן דערפרעהט — א שעהנע, גראָהע נאכטיגאל. א מעלאנכאָלישע נאכטי־גאל, וואָס איז פארליעבט און פארוואונדעט.

און ווי שעהן זי זינגט! איידעלמאן האָט צוגעמאכט די אויגען און אָנגעטרונקען זיינע אויערען מיט'ן פאר־בענקטען געזאנג פון דער גראָהער נאכטיגאל און ער האָט זיך דערמאָנט אז ער איז — הונגעריג.

און דאָ האָט זיך געשטעלט די פראגע:

זאָל ער עסען די נאכטיגאל? אָדער זאָל ער הערען ס'געזאנג פון דער נאכטיגאל?

דאָס געזאנג פון דער נאכטיגאל, האָט ער גע־טראכט, איז א טרייסטונג צו דער נשמה. אָבער דאָס

פלייש פון דער זינדיגער נאכטיגאל, האָט ער געטראכט, איז א טרייסטונג צום — לייב, אָהן וועלכען די נשמה קאָן נישט לעבען, דאָ אויף דער זינדיגער ערד.

איידעלמאן האָט געכאפּט די פארוואונדעטע נאכטי־גאל, זי געהאלטען אין דער לייכט פארמאטערטער פויסט און געפּיהלט ווי עפּעס א זינדיגע נשמה ציטערט ביי איהם אין דער האנט און בעט זיך, מ׳זאָל זי פריי לאָזען.

און א צווייטע נשמה — אומעטום אין זיין לייב — האָט פונקט אזוי געציטערט און זיך געוואָרפען און גע־בעטען — מ׳זאָל זי ראטעווען, מ׳זאָל איהר געבען צו עסען די נאכטיגאל.

און די גראָהע נאכטיגאל האָט אליץ געזונגען איהר ליעד — אזוי פארליעבט, אזוי פארבענקט.

און איידעלמאן האָט געוואוסט — וואָס זאָג איך געוואוסט? ער איז ביי זיך געווען זיכער, אז דאָס גע־זאנג פון א פארבענקטער נאכטיגאל איז דאָס שענסטע וואָס דאָס לעבען פארמאָגט — דאָס דערהויבענסטע, דאָס וואונדערבארסטע. ער האָט אָבער אויך געוואוסט אז דאָס פלייש פון א פארבענקטער ציטערדיגער נאכטי־גאל איז זעהר געשמאק צום עסען.

אויסערגעוועהנליך געשמאק!

און איידעלמאן האָט געוואויגען אויף דער וואָגשאָל פון׳ם שכל דעם געדאנק:

עסען די נאכטיגאל? אָדער — לאָזען זינגען די נאכטיגאל? אז די נאכטיגאל וועט זינגען, האָט ער גע־טראכט, וועל איך האָבען א גייסטיג פארגעניגען א שטי־קעל צייט, אָבער — איך וועל שטארבען פון הונגער. און אז איך וועל ע ס ע ן די נאכטיגאל וועל איך האָבען גייסטיגע יסורים אָבער איך וועל לעבען און מיך אפשר ראטעווען פון מיין שווערער לאגע.

און שטילערהייד — און צעביסלעכווייז — און לאנגזאם האָבען איידעלמאן׳ס פינגער געטון דאָס וואָס

איידעלמאן אליין האָט געוואָלט זיי זאָלען טון נאָר ער האָט נישט געהאט דעם מוט זיי צו זאָגען.

— — — — — — — — — — — — — — — —

און די נאכטיגאל, מיינע טייערע שוועסטער און ברי־דער, זינגט שוין נישט מעהר, זינגט שוין נישט מעהר.

## דער געלאַנגווייליגטער

איך האָב איהם געטראָפען ביים צאָהן־דאָקטאָר. ער איז געזעסען אויף א ווייכען שטול אין ווארט־צימער. גענעניצט דורך די פינגער מיט א טיעף־טיעפען געניץ, און געקוקט נישט־פאראינטערעסירט אויף די פאציענטען וואָס זענען געזעסען און געוואַרט אין געהאקטע וואונדען אויף דער מינוט ווען דער וויים־געקליידעטער מערדער וועט ארויסקומען און זאָגען „נעקסט".

איך האָב זיך געפרובט פארווייַלען די צייט מיט וואָס־עס־איז, כדי צו פארגעסען מיינע יסורים, וועלכע זענען מיר געקומען פון א גוסס'ן באקצאָהן. איך האָב זיך דאַרום גענעהנטערט צו דעם מענש וואָס האָט נישט אויפגעהערט געניצען דורך די פינגער און איהם געפרעגט:

— אויף א באקצאָהן?

דער מענש האָט מיך אָנגעקוקט מיט צוויי בלאָהע שלאָפערם. ווידער א געניץ געטון מיט די הוילע ליפען, ווייזענדיג דערביי צוויי שורות מיט געזונטע און ווייסע ציין, און האָט געענטפערט:

— כ'וויים נאָך נישט, וועלכען צאָהן כ'על זיך לאָזען ארויסנעמען.

—איהר ווייסט נישט אויף זיכער, וועלכער צאָהן עס טוט אייך וועה? — האָב איך געפרובט טרעפען.

— וועה? — האָט ער מיך אָנגעקוקט שטארק פאר'־חדוש'ט וואָס איך בין איהם חושד אין אזא זאך — מיר טוט גאָרניש־נישט וועה. איך בין געזונט ווי אן אייזען און פון ציין־וועהטאָג האָב איך קיינמאָל נישט געליטען. נאָר גלאט, ס'איז מיר אומעטיג.

— איהר זענט גלאַט־אַזוי געקומען באַזוכען דעם צאָהן־דאָקטאָר? איז ער נישט אייערס אַ פריינט? — פאַראינטערעסיר איך זיך צו וויסען, וואָס סע האָט גע־בראַכט דעם אידען אהערצו.

— פריינד, שמיינד, כי לעולם חסדו! — וויצעלט זיך דער איד מיט אַ קול וואָס דו ווייסט נישט צי סע קומט ביי איהם פון אַרבעל, צי דער גוטער יאָהר ווייסט פון וואַנען. — אַ פריינד גאָר! ער איז מיר אַזוי אַ פריינד, ווי ער איז אַ י י ך אַ פריינד. איז ער אייך אַ פריינד? אודאי איז ער אייך נישט קיין פריינד. מיר איז ער אויך נישט קיין פריי... — האָט ער אָנגעהויבען געניצען — פריי־אי־נד. עווהאָך... עוועהע איז מיר — און ער האָט פאַרענדיגט דערמיט וואָס ער האָט זיך אַליין געגעבען אַ פּעטשעל איבער די ליפּען, און זיך איבערגע־שלאָגען אַ קרעכץ.

— איהר ווילט זיך מסתמא לאָזען אויספּוצען די ציין? — געה איך מיט איהם מיט הינטערגענג, ווי מיין טבע איז אין אַזא פאַל.

— וואָס אייך קאָן איינפאַלען! — מאַכט דער איד, און הויבט אויף פון טיש אַ בלאַט־צייטונג און נעמט אין איהר אַריינגעניצען. — ציין אויספּוצען גאָר! מעהר געהט מיר נישט אָפּ, נאָר צו האָבען אויסגעפּוצטע ציין. ווייטער, הייסט דאָס, איז דאָס לעבען זעהר אינ־טערעסאַנט. מ'דאַרף נאָר האָבען ווייסע ציין, ווועלען שוין אַלע פראַגען פון לעבען־און־טויט זיין פאַרענטפערט. וועהאָ־אָך! — ענדיגט ער מיט אַ געניץ און גיט אַ שוידער מיט'ן גאַנצען לייב.

— איך פאַרשטעה נישט וואָס איהר מיינט דערמיט — זאָג איך. — וואָס האָט עס צו דער פראַגע פון לע־בען־און־טויט? אַזוי לאַנג ווי אַ מענש לעבט דאַרף ער אַלצדינג. און ציין — זאָג איך — זענען אַ וויכטיגע זאַך. והא ראיה...

— מ'ווייס, מ'ווייס דערפון! — שלאָגט ער מיר

איבער די רייד. מ׳ווייסט די טיעפע חכמות. גאָר מיך אינטערעסירען זיי נישט. מיר איז לאַנגווייליג פון די ביכער, מיר איז לאַנגווייליג פון לעבען, מיר איז לאַנג־ווייליג פון אָטעמען טאָג־ווי־נאכט. מיר איז לאַנגווייליג פון אלצדינגג. אפילו פון דער לאנגווייליע אליין איז מיר אויך לאנגווייליג. ווען עמיצער זאָלען וועלען אראנזשי־רען אויף היינט אן ערד־ציטערניש אָדער א וועלט אונ־טערגאנג, וואָלט איך א קאפּעטשקע אויפגעלעבט. אזוי איז מיר שרעקליך נודנע. עווהאָ־אָ!

דער איד האָט ווידער געעפּענט די רויט־ווייסע אָפּ־גרונדען פון זיין מויל, ארוינגעצויגען אין זיך אפשר דרייפערטעל פון דער גאנצער לופט וואָס האָט זיך גע־פונען אין דעם דאָקטאָר׳ס ווארט־צימער, און ער האָט געזאָגט צו זיין רעכטער קניע:

— כ׳על זיך אפשר היינט לאָזען ארויסנעמען צ ו ו י י ציין מיטאמאָל. מיר איז שרעקליך לאנגווייליג.

—עס לאָזט אייך אָפּ אויף א רגע און סע כאפּט אייך ווידער אָן? — וויל איך טרעפען דעם גאנג פון זיינע יסורים, לויט מ י י נ ע.

— ׳שגעטראָפען! — מאכט דער איד. — איהר זענט א שלעכטער טרעפער. נישט סע כאפּט מיך אָן נישט סע לאָזט מיך אָפּ.

— וואָס־זשע דען זאָגט איהר, אז איהר וועט זיך לאָזען ארויסנעמען צוויי ציין? — טראָג איך איהם אנטקעגען מיין טיעפע אונוויסענהייט, בנוגע זיין לאגע.

— גלאַט אזוי — מאכט ער. — כ׳האָב נישט וואָס צו טון און לאנגווייליג איז מיר האָב איך מיר גע־טראכט: כ׳על ארייננעהן און מיר לאָזען ארויסנעמען א פּאָר ציין וועל איך זיך פארווײַלען די צייט.

איך האָב איהם אָנגעקוקט און נישט פארשטאנען וואָס ער רעדט.

— יעס — מאכט ער. — וואָס חידוש׳ט איהר זיך אזוי? אלעמאי איך האָב זיך געלאָזט אויסדריליוועז אן

אויער? צי אז איך האָב זיך געלאָזט מאכען אן אָפּע־ראציע אויף אפענדיסיטים! האָב איך עס באדארפט האָבען? נישט מעהר, ס׳איז מיר געוואָרען לאנגווייליג בין איך אריין אין א שפיטאָל, באצאָהלט פינף־און־פער־ציג דאָלאר אין קעש און זיך געלאָזט אָפּערירען.

— וואָס הייסט?

— אזוי הייסט! נו אלעמאי איך האָב זיך מיט עטליכע חדשים צוריק גע׳שמד׳ט אויף א פּרעסביטאַ־ריאנער! האָב איך עס באדארפט האָבען? פארשטעה איך וואָס סע הייסט פּרעסביטאריאניזם! נישט מעהר זאָלען מיינע שונאים וויסען פון זייער לעבען. גאָר נישט: ס׳איז מיר געוואָרען לאנגווייליג און איך בין גראָד פאר־ביינגעגאנגען א פּרעסביטארישע קירך, האָב איך זיך אריינגעכאפּט אויף א ווייַלע און זיך גע׳שמד׳ט. אָבער אין מיטען שמד׳ען זיך בין איך אנדרימעלט געוואָרען. ס׳איז מיר געוואָרען נודנע דער גאנצער עסק.

— אָבער דאָס איז דאָך נישט שעהן — וויל איך אריינשטעלען א וואָרט קעגען זיין האנדלונג.

— שעהן, שמיין, כי לעולם חסדו! — ווערט ער ווידער וויציג — ס׳איז מיר זעהר וויכטיג, צי ס׳איז שעהן, צי ס׳איז נישט שעהן. איך וויים נאָר אז ס׳איז מיר לאנגווייליג און איך האָב נישט מיט וואָס צו פארברענגען די צייט און אז דאָס לעבען איז פּוסט און אָהן אינהאלט. — ענטשולדיגט מיר! — האָט ער זיך אליין איבערגעשלאָגען די רייד. — אָט איז שוין דער דענטיסט. איך מוז אריינגעהן און זיך לאָזען ארויס־נעהמען א פּאָר ציין. וואור־ר! — האָט ער פארענדיגט מיט א שוידער. — סאַ נודנע לעבען דאָס איז. יעס, הער דאָקטאָר — האָט ער שוין גערעדט צום דענטיסט. צוויי ציין! עס מאכט נישט אוים וועלכע.

# דער אַנטלאָפּענער מאַן

.1

— וואוהין אנטלויפט מען ערגעץ פון זיך אליין? — אַט אזוי האָט געטראַכט מעבעלעליע דער פארצווייפעל־טער, ווייל ער איז געווען פארצווייפעלט, שטארק, זעהר און זעהר! צו זיין פארצווייפעלניש איז נישט געווען קיין גלייכען אויף דער גאנצער וועלט. הינו? — לאָמיך געבען אן אורזאך? — האָב איך נישט! אָבער איך פארזיכער אייך, מיט א געשוואָרענעם דאָקומענט, געציי־כענט ניו יאָרק דעם 28טען יוני, 1917, אז מעבעלעליע איז געווען פארצווייפעלט. ער איז געשטאנען ביים ברעג פון אן אָפּגרונד. איין שטופּ — ווען אימיצער זאָל איהם חלילה געווען געבען — וואָלט ער חלילה געווען אראָפּ־געפאלען און דער׳הרג׳עט געוואָרען.

אָבער קיינער האָט מעבעלעליע׳ן נישט געטון קיין שטופּ. אפילו נישט די בלינדע וועלט־קראפט. ער אליין מעבעלעליע, פּלעגט יאָ אמאָל זיך אונטערשטופען מיט א פּלייצע, כדי ער זאָל געהן פאָרווערטס, מוטיג־ברודער־מאן־דערארבייטאויפגעוואכט, אָבער סע האָט נישט גע־האָלפען, ווייל וויפיעל דער הינטערשטער מעבעלעליע האָט נישט געשטופּט פאָרווערטס מיט דער פּלייצע, האָט אָבער דער פאָדערשטער מעבעלעליע צוריקגעשטופּט און נישט געלאָזען. עס איז געווען — ווי זאג איך אין איינעם פון מיינע עלף בענדער? — א קאמף אויף לעבען־און־טויט; אויף אהין־און־צוריק; אויף זיין־אָדער־נישט־זיין. און געוואונען האָבען ביידע כחות — סיי דער כח וואָס האָט איהם געשטופּט צו געהן פאָרווערטס, סיי דער כח

וואָס האָט איהם געשטופּט צו געהן ריקוועדטס. און צווישען די דאָזיגע צוויי קרעפטיגע כחות איז געשטאַנען אונזער מעכעלעליע און זיך נישט געריהרט פון אָרט, און נישט געוואוסט וואָס צו טון, און ער איז געוועזן זעהר אונגליקליך, זעהר דערשלאָגען, פון זיין לאַנגזאַמען שטעהן, פון זיין אונקאמפּליכקייט נעגען דעם מעכטיגען טיראַן, פון זיין לאַגע, וואָס איז געוואָרען — פון טאָג צו טאָג — אַלץ מעהר און מעהר.

און אז די לאַגע האָט איהם פּאַרכאַפּט אַזוי שטאַרק, אַז ער איז געוועזן פול מיט לאַגע פון קאָפּ־ביז־די־פיס, און זי האָט איהם אַזש אַרויסגעפּלייצט פון די אויגען, האָט מעכעלעליע — איבערשלאָג: ווייל ער איז געוועזן זעהר א קלוגער! — אָפּגעקלערט אז ער ליידט צופיעל פון די אומשטענדען.

ווען נישט איך, מעכעלעליע — האָט ער געטראַכט — וואָלטען די ביטערע אומשטענדען נישט געהאַט אויף וואָס זיך צו האַלטען און זיי וואָלטען זיך געמוזט אויפ־לעזען.

און מעכעלעליע האָט אונטערגעפּינגערט דעם שטערען זיינעם מיט דעם לענגסטען פינגער וואָס ער האָט פאַר־מאָגט (קיין לענגערען האָט ער נישט געהאַט!) און ער האָט באַשלאָסען, אַז — אַך, ווען דער מענש זאָל קאָנען אנטלויפען פון זיך זעלבסט!

— וואָס זשע וואָלט געווען? — האָט ער דיאַלאָגירט מיט זיך אליין.

— וואָלט געווען זעהר גוט! — האָט ער זיך געענ־פערט, — וואָלט איך נישט געוואוסט וואו איך בין אהינ־געקומען און — פאַרפאַלען!

און ער האָט געטראַכט, געטראַכט, געטראַכט. ער האָט אַזוי לאַנג געטראַכט, ביז די שפּיץ־פינגער פון די פיס האָבען איהם אַזש גענומען וועה טון פון — טראַכ־טען. און ענדליך, און סוף־כל־סוף, און שלום־פאַרהאַנג,

האָט ער באשלאָסען, ווי מיר וועלען זעהן אין קאפיטעל צוויי.

.2

אנטלויפען פון זיך זעלבסט! אנטלויפען פון זיך זעלבסט! — אזוי האָט באשלאָסען מעכעלעליע מיט דעם פעסטעסטען באשלוס, וואָס מען קאָן נאָר באשליסען. אָבער ווי אזוי וועט ער עס טון? ווי אזוי וועט ער אויספיהרען, אז ער אליין זאָל זיך נישט דערוויסען דערפון? וואָרים ער איז זעהר א קלוגער, כמעט — ווי אזוי זאָל איך זיך אויסדריקען? — כמעט א וועלט־חכם און איהם איז זעהר שווער אָפּצונארען.

פונדעסטוועגען איז געבוירען געוואָרען ביי איהם אַט־וואָס־פאר־א־פּלאַן:

ער וועט זיך עטליכע שעה דורכאנאנד ארומדרעהען ארום דעם הויז וואו ער וואוינט, כדי ער זאָל זיך אראָפּ־טיהרען פון שפּור, און ער זאָל מיינען, אז ער וויל ארויס־געהן לעזען עפּעס א ביכעל, און דערנאָכדעם, אז קיינער וועט נישט זעהן, וועט ער כאפּען די באהן און אוועק־פאָהרען קיין שיקאגאָ — וועט זיין פארפאלען!

געזאָגט און געטון. מעכעלעליע האָט זיך עטליכע שעה דורכאנאנד ארומגעדרעהט ארום דעם הויז, וואו ער האָט געוואוינט, אלץ גע'טענה'ט מיט זיך אז ער וועט באלד ארויסגעהן לעזען עפּעס א ביכעל, — ער האָט זעהר אן אינטערעסאנט ביכעל! און וועגען אנטלויפען האָט ער מיט זיך נישט געשמועסט, נישט דערמאָנט אפילו מיט קיין וואָרט, אז ער וויל פאָהרען קיין שיקאגאָ. וואָרים ער ווייסט דאָך ביי זיך, אז ער איז א קלוג מענשעל, און — לאָז ער זיך נאָר ארויסכאפּען מיט א וואָרט, אז ער פאָהרט אוועק, וועט ער שוין פאר־שטעהן, אז עפּעס איז דאָ נישט גלאטיג, און ער וועט שוין האלטען אויף זיך אן אויג.

און ווי ער איז ארומגעגאנגען ארום'ן הויז און גע־שמועסט מיט זיך וועגען לעזען דאָס ביכעל, האָט ער

פּלוצים זיך ארומגעקוקט צו קיינער זעהט נישט, איז גע־וואָרען בלאַס ווי די וואַנט, דאָס האַרץ האָט ביי איהם געקלאַפּט ווי ביי אַ גזלן, און — ער האָט גענומען לויפען טשוואַליאָם, גלייך צום באַהן, און פּיף־פּיף־פּוף! דער צוג האָט געטון אַ פייף און — דער בחור איז אוועק.

די ערשטע עטליכע מינוט האָט זיך מעכעלעליע געפיהלט זעהר גוט. „אַט — האָט ער געטראַכט — איך האָב עס אָפּגעאַרבייט ווי אַ ממזר, איך בין אוועק פון זיך זעלבסט און אַן עק. איצט פאָהר איך קיין שיקאַגאָ. און אפילו אַז איך זאָל זיך שוין כאַפּען אַז איך בין אנטלאָפען, וועט שוין זיין צו שפּעט נאָכצולויפען, ווייל די באַהן געהט שוין.“

ביי די ווערטער האָט מעכעלעליע געוואָלט ארויס־נעמען פון הויזען־קעשענע אַ פּעקעל טיטון און זיך מאַ־כען אַ ציגאַר — ערשט ער גיט אַ קוק: ס'איז ז י י נ ע הויזען. די הויזען פון דעם אַלטען מעכעלעליע, וועלכער איז געשטאַנען ביים אָפּגרונד פון פאַרצווייפלונג, און פון וועלכען ער איז אנטלאָפען.

— שלעכט! — טראַכט ער. — לאָמיר נאָר זוכען ווייטער.

ער זוכט ווייטער, זעהט ער אַז — ער אליין איז אויך דאָ. ער פאָהרט מיט.

— אויב אַזוי — טראַכט ער — איז פאַרפאַלען. גע־כאַפּט זיך ביי דער האַנט. וועל איך מוזען — טראַכט ער — צוריקפאָהרען אַ היים. אָבער דאָס צווייטע מאָל — טראַכט ער — וועל איך שוין זיין מעהר פאָרזיכטיג. ווייל איך האָב שוין אביסעל ערפאַהרונג. — — — — —

.3

דאָס צווייטע מאָל האָט מעכעלעליע באַשלאָסען צו אנטלויפען ביינאַכט, ווען ער שלאָפט.

דער פּלאַן איז איהם זעהר געפעלען. נאָר אַזוי ווי ער האָט זיך שוין געהאַט איינמאָל אָפּגעבריהט מיט זיין אנטלויפען קיין שיקאַגאָ, האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט,

אז דאָס מאָל וועט ער זיין אַזוי פּאַרזיכטיג ווי מעגליך.

צוערשט האָט ער זיך געלעגט שלאָפן ווי אַלעמאָל, זיך געמאַכט כּלומרשט ווי ער איז זעהר רוהיג, און פון זיכערקייט־וועגען האָט ער זיך אַ זאָג געטון פאַר'ן שלאָ־פענגגעהן: מנע! מיר'ן זיך שוין אַזוי אָפּמוטשען אונזערע פּאָר יאָהר דאָ אין ניו יאָרק. מיר'ן שוין אין ערגעץ נישט פאַהרען. דערנאָכדעם האָט ער צוגעמאַכט די אויגען, זיך איבערגעדעקט מיט דער קאָלדרע איבער'ן פּנים, כּדי ער זאָל זיך נישט זעהן, און ערשט אַז ער איז געווען ביי זיך זיכער אַז ער איז שוין פעסט איינגעשלאָפן און אַז ער האָט שוין געהערט זיין כּלומרשט'דיגען שנאַרכען (דאָס האָט ער אומיסנע אַזוי געשנאַרכט, כּדי ער זאָל זיך אָפּ־נארען און מיינען אַז ער שלאָפט!) ערשט דעמאָלט איז ער פּאַמעלעך אויפגעשטאַנען פון געלעגער, נישט אָנגעצונ־דען די גאַז, און שטילערהייט, אויף די שפּיץ־פינגער, מיט די שיך אין די הענט, כּדי ער זאָל זיך נישט אויפ־וועקען, איז ער פּאַרזיכטיג אראָפּ פון די טרעפּ און — האָט גענומען לויפען פייל פון בויגען, מיט די שיך אין די הענט.

אַזוי איז ער געלאָפען און געלאָפען, אַלץ ווייטער פון זיך, ביז וואַנען ער איז שוין געווען אפשר אכט מייל ווייט פון זיך זעלבסט, ווען אַ פּאָליציימאַן האָט איהם פּלוצים אָפּגעשטעלט און געפרעגט:

— וואוהין לויפט איהר?

— איך אַנטלויף פון זיך זעלבסט. פּליעז האַלטס מיך נישט אָפּ! — האָט מעבעלעליע געזאָגט אָהן אַן אָטעם און נעוואָלט אוועקשטופען דעם פּאָליציימאַן.

— וואָס איז אַזוי די איילעניש אויף אייך? — האָט דער פּאָליציימאַן געשמייכעלט און אַריינגענראָבען די האַנט אין מעבעלעליע'ס לינקען אַרבעל.

— די איילעניש איז — האָט מעבעלעליע געזאָגט — אַז איך בין אוועק פון דער שטוב צוהן מיין וויסען און

איך וויל נישט אז איך זאָל דערפון געוואָהר ווערן. און אך! — איז ער ארויפגעפאַלען אויפ׳ן פּאָליציימאַן׳ס „בלעכעל“ און גענומען וויינען ווי אַ קליין קינד — שוין דאָס צווייטע מאָל וואָס איך אַנטלויף פון זיך זעלבסט, ווייל איך בין זיך שוין נמאס אויף טויט און איך קאָן זיך נישט קוקען אין פּנים אריין און איך מוז אַנטלויפען. לאָזט מיך! — האָט ער זיך געריסען — ווייל באלד וועל איך אויפשטעהן פון געלעגער און זיך נעמען נ אָ כ־ ל ו י פ ע ן. איך בין אומיסנע ארוים פון שטוב אין די זאָקען, כדי איך זאָל זיך נישט אויפוועקען. און פּליעז — זאָגט ער — מיסטער פּאָליסמאַן, נאַט אייך אַזוי־פיעל־און־אַזוי־פיעל דאָלאַר, אבי פאַרהאַלט מיך נישט. ווייל יעדע מינוט — זאָגט ער — איז ביי מיר טייער — —
— — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —

און אז די קראַנקען־שוועסטער פרעגט איהם וואָס ער מאַכט, ענטפערט ער, אז ער וויל געהן אַהיים און זיך אויפוועקען. ער איז שוין גענוג געשלאָפען. שוין צייט, — זאָגט ער — צו עסען אָנבייסען.

# אַ מענש — אַנ׳איינבּרענגער

א מענש א באלעבאטישער, א פיינער, מיט די פיינע פּאָר ברילען, מיט דעם פּיתּעם נאטור׳על, מיט דעם פּיינעם אלצדינג. נאָר אביסעל צעשויבערט — פון אינוועניג, פון אויסענווייניג. פון אויסענווייניג די באָרד, דער קאָפּ האָר, די קליידער. פון אינעווניג דאָס ביסעל געדאנקען, וואָס ליגען אָנגעשויבערט איינס אויף ס׳אנדערע און ער פאלט איבער זיי. אָפּגעבלישטשעטע נשמה־שפּריצען, רעשטלעך פון אלטע הארצפּייערען, שטיקלעך אידעען פון אלטע ביכער, שאָטענס פון אלטע ווידער־קלאנגען, און אלצדינג צעשויבערט, צעקנעפּעלט, אָפּגעלאָזען, נישט פארקאמט.

און הייסען הייסט ער ווי אזוי? הייסען הייסט ער לייזערעליע — דעם אלטען לייזערעליע׳ס זוהן — א מענש מיט איינפאלען. „פּעטענטס״. פּאָרטלען.

דער יונגער לייזערעליע האָט אלערליי שוואכקייטען — שוואכערע און שטארקערע.

איבערהויפּט: ער האָט א טבע איינצוברענגען, צו שפּאָרען, און א ליעבע צו אלערליי היימיש געמאכטע זאכען. כמעט יעדע זאך וואָס געפינט זיך ביי לייזערעליען אין שטוב איז געמאכט מיט דער האנט. אויסגעשניצט מיט א פּענמעסערעל — מעהר ווייניגער. אפילו די קליינע יאָדערדיגע פּרוי זיינע, מיט די צוויי גלאנציגע באקען, און פארשארפטער קליינער נאָז זעהט אויס ווי זי וואָלט געווען אויסגעשניצט מיט דער האנט און דערנאָכדעם אָפּגעפּאָליטורט, כדי זי זאָל גלאנצען.

דער יונגער לייזערעליע, (דער אַלטער איז שוין טויט א שעהנע פּאָר חדשים), איז נישט אזא פּארדיענער ווי אַן איינבערענגער, אַן אָפּשפּאָרער. ער האלט, אז ארייננצו־נעמען א דאָלאר אין שטוב אריין איז קיין קונץ נישט! א קונץ, זאָגט ער, צו האלטען דעם דאָלאר אין שטוב און איהם נישט ארויס לאָזען — בשום אופן. אָפּט־מאָל קאָנט איהר הערען ווי לייזערעליע'ס א זילבערנע מטבעה קוקט ארויס דורך די גראטעס פון זיין קעשענע און שרייט: „געוואלד, ראטעוועט מיך! לאָזט מיך ארויס אין דרויסען. איך דארף לופט". אָבער דער יונגער לייזערעליע (דער אַלטער איז שוין טויט א שעהנע פּאָר חדשים!) הערט נישט. אדרבא, יעדעס מאָל, וואָס די יונגע מטבעה שטעקט ארויס דעם קאָפּ און וויל מען זאָל זי פארשווענדען, לייגט ער ארויף א האנט אויף איהר הארץ, און זי הויבט אָן פּיבערען און קרעכצען — אזוי לאנג ביז זי דערוואַרימט זיך פון זיין בלוט און זי הויבט אַן שוויצען מיט אַן איידעלען זילבערשווייס.

דער יונגער לייזערעליע (דער אַלטער איז שוין נעבּיך נישטאָ!) ארבייט זעהר ווענינ און פּארדיענט זעהר ווענינ, ווייל אז ער וועט ארבייטען און פּארדיענען, וועט ער נישט האָבען קיין צייט זיך זעלבסט צו האלטען אין די הענט. וועט ער נישט קאָנען אכטונג געבען ער זאָל נישט אויסגעבען קיין איבריגען סענט.

אז איך בין צום ערשטען מאָל געווען ביים יונגען לייזערעליע אין שטוב, (דער אַלטער לעבט שוין נישט!) האָב אין איהם געטראָפען, ווי ער איז געווען פארנומען מיט עפּיס א קעסטעל, אין וועלכען עס האָט זיך געפונען אַלערלײי געצייג: זעגען, מעסערס, דלאָטען, הובליען, שרויפענציהערס און אזוי ווייטער.

— העלאָ, לייזערעליע!

— העלאָ אזוי־און־אזוי.

— וואָס טוט איהר, לייזערעליע?

— איך שפּאָר־איין, ווי זאָגט איהר, געלט.

— היינו ?

— הערט איהר דאָך — מאכט ער. ס'איז מיר קאַליע געוואָרען, יוי זאָגט איהר, א שליסעלע. דארף קאָסטען אפשר פיפצעהן סענט עס צו פאריכטען, וועל איך דאָך נישט גען ארויסווארפען קיין פופצעהן, ווי זאָגט איהר, סענט אויף א, ווי זאָגט איהר, שליסעלע, האָב איך מיר געקויפט א געסמעל מיט, ווי זאָגט איהר, געצייג פאר פינף־און־פערציג. ווי זאָגט איהר, טולער און איך פאַריכט מיר אליין, ווי זאָגט איהר, דאָס שליסעלע.

— אָבער עס איז דאָך א משוגעת !

— אודאי, וואָדען, האָט איהר געוואָלט ? איך זאָל נעמען, ווי זאָגט איהר, און ארויסווארפען פופצעהן, ווי זאָגט איהר, סענט, ווי אין בלאָטע אריין, פאר גאָר נישט. — ע ר.

— אָבער אזוי קאָסט דאָך אייך א סך טייערער ! — א י ך.

— פארוואָס קאָסט מיך טייערער, ס'געצייג קאָן מיר געדויערען, ווי זאָגט איהר, אייביג, און מ'קאָן מיט זיי פיקסען אפשר דריי מיליאָן, ווי זאָגט איהר, שליסעלעך ! — ע ר.

אז די קליינע פרוי זיינע, האָט דערהערט מיינע רייד, איז זי ארויפגעפאלען מיט ביידע פאָדערשטע אויגען אויפ'ן ארבעל פון מיין נייעם אויבעראָק, זיך צעוויינט, און מיר דערצעהלט, אז, וואָס זאָל זי טון מיט איהר משוגענעם מאן ? און ג ע ו ו א ל ד, וואָס טוט מען ? און וואָס טוט מ ע — ה ן ? נאָר ער קויפט געצייג און נאָר ער שפּאָרט איין געלט, און ער שטעלט זי דערמיט בדלות — שטעלט ער זי. דאָס ביסעל וואָס זי פאַרדיענט ביי איהר ארבייט, געהט אריין אין אלערליי מאַשינען, געצייג, מאָטאָרען, ענזשינס, וואָס ער קויפט, כדי איינצושפּאָרען עטליכע גראָשען.

— דערצעהלט ! דערצעהלט, מאדאם ! — א י ך.

— אָי, ער רואינירט אונז דער משומד ! — ז י.

— קאָנט איהר דאָך איהם זאָגען! — א י ך.

— אז איך זאָג איהם, טענה'ט ער, אז ער מוז איינ־ברענגען. אָט נעכטען למשל, האָט ער אראָפּגעברענגט אָט יענע ריעזיגע מאשין, וואָס שטעהט דאָרט אין ווינ־קעל, איהר זעהט? — ז י.

איך האָב א קוק געטון און דערזעהען עפּעס א ווילדע מאשין מיט רעדער און מיט אלערליי קונציגע זאכען.

— דאָס איז, זאָגט זי, א מאשין אויף אריינצור־ברענגען צ ו ר י ק דעם אויסגעקנאקטען קנאק, אין א פּלעשעל זאָדע־וואסער. צו מאכען אזא געז, זאָגט זי. — און די קיילעכדיגע זעגען אָט דאָרטען זעהט איהר?

— יאָ.

— דאָס איז א מאשין אויף צו שניידען די פּרייזען פון לעבענסמיטעל. אָבער דאָס איז אלץ גאָרנישט. דער עיקר געלט געהט ביי איהם אוועק אויף צו זיין א גוטער בעל־הבית. נישט קיין אויסברענגער. אָט צומביישפּיעל איז ביי אונז נעכטען צעבראָכען געוואָרען א בענקעל, וואָס האָט אין די גוטע יאָהרען, געהאט די ווערט אפשר פינף־און־צוואנציג סענט. וואָס מיינט איהר האָט מיין לייזערעליע געטון?

— עס ארויסגעוואָרפען! — האָב איך גע'נביא'ט.

— וויים איך וואָס איהר רעדט! ער האָט געקויפט פאר פיער טולער א ה:בעל, פאר אָנדערהאלבען טולער א האק, פאר זעכציג סענט א ברעט, און ער האָט זיך גענומען אליין מייסטרעווען אזוי לאנג ביז וואנעט ער האָט צעבראָכען די האק, דאן איז ער אוועק און האָט גע־קויפט אָט יענע מאשין אויף צו פיקסען העק. אָט ליגט זי דאָרטען אונטער'ן בעט. געקאָסט צוויי־און־פערציג טולער! נו, מאכט זי, קאָן מען לעבען?

בעת איך בין אזוי געשטאנען און גערעדט מיט לייי־זערעליע'ס פרוי האָט זיך דערווייל דערהערט א שטאר־קער קנאק, ווי פון א געפּלאצטען דאמף־קעסעל.

— דאָס איז מיין לייזערעליע'ס א מאשין אויף צו

פיקסען געפלאצטע מאשינען! — האט די מאדאם ל. געזאגט — איצט וועט מען שוין דארפען קויפען א נייע מאשין.

— איז דאך דאס א מעשה אהן א סוף! — מאך איך צו איהר.

— פרעגט שוין גארנישט, מאכט זי, מיט א טיפען זיפץ, מיר זיינען פארלוירען אויף אייביג! זיין איינבערענ־געריי נעמט ביי אונז צו דעם לעצטען סענט — וואס איך פארדיען, און אלץ דערפאר וואס ער איז נישט קיין פארשווענדער. אט נעכטען, צום ביישפיעל, האט ער געקויפט א מאשין אויף צו מאכען טשוועקעס. ער קאן, זאגט ער, נישט באהויפטען צו צאהלען א פעני פאר א טוץ טשוועקעס. ס'איז, זאגט ער, ערגער ווי רויבעריי.

— און וויפיעל קאסט איהם די מאשין אויף צו מא־כען די טשוועקעס?

— קנאפע דריי הונדערט טולער, מאכט זי, אבער עס ארבייט נישט! — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אז איך האב געהאלטען ביים ארויסגעהען פון לייזערעליע'ס שטוב, האב איך אנגענומען דאס הענטעל פון טיר און — ס'איז מיר געבליבען אין האנט.

— דאס איז אויך מיין מאן'ס ארבייט — האט געזאגט די מאדאם ל. מיט א ביטער געלעכטער — איך האב איהם געהייסען אריינרופען א סטאליער און עס לאזען פאריכטען, האט ער נישט געוואלט. האט ער אליין געארבייט דערביי אנדערהאלבען טעג און ער האט — צעבראכען די טיר.

איך בעט אייך, ליעבער פריינד, האט זי מיר גער־ריקט די האנט, גיט עפעס אן עצה, ווי אזוי צו מאכען מיין מאן ער זאל נישט זיין אזא איינבערענגער, — ער וועט אונז חלילה טרייבען צו בעטעל־ברויט!

אזוי ווי איך האב נישט געהאט קיין שום עצה, האב איך מיטגענומען דאס הענטיל פון טיר און בין אוועק.

## אַ גנב — ווער קאָן איז׳ם?

טומ ער אוים ס׳היטעל און דערצעהלט אזוי:

שלאָף איך, שלאָפט מיין פרוי. שלאָפען מיינע קינ־דער. קומט זיך אריין א גנב. א פרעמדער מענש. האָב איהם קיינמאָל נישט געזעהן אין מיין לעבען. איך קאָן נישט זיין פאמיליע. איך וויים נישט צו איך האָב ווען־עס־איז מיט איהם גערעדט א וואָרט.

טראַכט איך: ווי קומט ער אהער? צי איז ער מיין גלייכען צי וואָס? איך — א ציוניסט מיט א נאָמען מיט אלצדינג, און יענער עפּעס א גאסעניונג, א מערדער, קומט אריין מיך באַ׳גנב׳ענען!

קוק איך אפיר פון אונטער דער קאָלדרע, זעה איך ער — נעמט. טראַכט איך: נעם! איכ׳ל מיך נישט געהן קריגען מיט דיר. אז איך קאָן איהם גאָרנישט, און פאָרגעשטעלט האָט מען אונז אויך נישט — פאסט מיר נישט צו רעדען צו איהם.

און יענער פאקט דערווייל אין זאק אריין. ער פאקט דאָס זילבערוואַרג, די לייכטער, די וועש — וואָס ס׳קומט איהם אונטער דער האנט.

זאָגט צו מיר ס׳ווייב: דניאל, שטעה אויף און זאָג עפּעס דעם גנב. ער׳ט אונז חלילה אומגליקליך מאכען.

זאָג איך: ווער? איך? איך זאָל געהן רעדען מיט א פרעמדען גנב פון אלדע שווארץ יאָהר? איך זאָל געהן רעדען צו אזא נידערטרעכטיגען קערל? אזוי לאנג, זאָג איך, קרענקט ער!

זאָגט זי: ער גנב׳עט דאָך אָבער!

זאָג איך: הערסטו, טאקע דערפאר ווייל ער

גנב'עט ווייל איך דאַך נישט רעדען צו איהם. ווען ער זאָל, זאָג איך, זיין אַן אָנשטענדיגער מענש, ווייס איך אויך נישט, זאָג איך, צי ס'וואָלט מיר אָנגעשטאַנען צו רעדען מיט איהם. בפרט, זאָג איך, אז יענער איז א גנב, איז דאַך שוין גאָר אָפּגערעדט.

זאָגט זי: דניאל, ער ברעכט אויף די שאפע וואו ס'ליגען די פּערעל מיינע.

זאָג איך: וואָס־זשע וואָלסטו געוואָלט? איך זאָל גאָר פּלוצים פון דער העלער הויט נעהמען רעדען צו איהם?

מאכט זי: פאַרוואָס נישט?

זאָג איך: וואָס הייסט? מיר זענען דען באַקאַנט? וואָס הייסט איכ'ל געהן רעדען צו א מענשען צו וועלכען איך בין נישט פאָרגעשטעלט.

— אָבער ער גנב'עט דאַך! — זאָגט זי.

— דאָ איז נישט קיין פראגע פון גנב'ענען, זאָג איך. דאָ איז א פראגע, זאָג איך, פון כבוד. עס איז א פראגע פון אָנהאַלטען דעם נאָמען.

און ווי איך רעד אזוי, דערהער איך א קנאַק. ער האָט אויפגעריסען דעם שופלאָד פון דער שאפע און ער נעמט שוין די צירונג. אָט ציטערט ביי איהם אין דער האנט א שנירעל פּערעל, און אָט פאלט עס אריין אין שווארצען זאק, ווי א ליכטיגער האָגעל פאלט אריין אין א קעלער.

נעם איך און גיב א הוסט.

בויגט ער זיך אראָפּ און דרעהט אויס ס'לאַמטערענ־דעל מיט דער ליכטיגער זייט צו זיך, און ער שלעפּט ארויס א רעוואָלווער.

טראכט איך: אז־א באנדיט! עס פּאסט מיר אפילו נישט א הוסט צו טון צו איהם. עס איז צופיעל כבוד פאר אזא מענשען.

און איך ליג און קוק.

און מיין פרוי האלט מיך אין  א י י ן  נגע'ן: זאָג איהם עפּעס! לאָז ארוים א געשריי!

זאָג איך: פאַרוואָס שרייסט דו נישט?

זאָגט זי: כ'האָב מורא!

זאָג איך: ביי מיר איז נישט קיין פראגע פון מורא. ס'איז א פראגע, זאָג איך, וואָס איך קאָן נישט דעם מאַן; וואָס איך וויים נישט ווער ער איז! דעם אמת געזאָגט, זאָג איך, געפעלט מיר עפּעס נישט דאָס גאנצע מענשיל.

— אָבער ער וועט דאָך אלצדינג צונעמען! — מאכט זי.

אויב ער וועט אלצדינג צונעמען, זאָג איך, וועט זיין א סימן, זאָג איך, אז ער איז א געמיינער גנב, א לעצטער שב'לעצטער, און אז מ'דאַרף איהם, זאָג איך, איגנאָרירען.

— איגנאָ־וואָס? — זאָגט זי.

— איגנאָרירען, זאָג איך. איג־נאָ־רי־רען! מ'דאַרף איהם, זאָג איך, געבען אזוינע קעסט, אז ער זאָל עס, זאָג איך, האָבען צו געדענקען.

— אָבער די פּערעל! — זאָגט זי — און ס'זילבער־ווארג! און די וועש!

— וואָס־זשע וואָלסטו געוואָלט? — זאָג איך, אז צוליעב דעם ביסעל פּערעל מיט די וועש זאָל איך ברעכען, זאָג איך, מיין שטאָליץ אלס מענש און אלס ציוניסט?

— אָט נעמט ער צו דיין דימענט־שפּילקע! — מאכט זי מיט זעכצעהנטעל קול, אזוי אז דער גנב זאָל נישט דערהערען.

— טאַ־קע? — זאָג איך — ער נעמט צו די שפּילקע? ווער זאָל אזוי לעבען?

— אָט גיב א קוק, זאָגט זי, און זי דעקט אביסעל אָפּ די קאָלדרע.

— ריכטיג! — זאָג איך — ער נעמט צו די די־מענטשפּילקע.

— פאַרוואָס־זשע זאָגסטו איהם נישט עפּעס? — מאַכט זי.

איצט? — זאָג איך — איצט וועל איך איהם ב־ש־ו־ם אופן נישט זאָגען! פריהער, זאָג איך, אז ער האָט צוגענומען בלויז די פּערעל און דאָס זייל־בערוואַרג און די וועש, וואָלט איך נאָך אפשר געוועזן גע־רעדט צו איהם. אָבער איצט, זאָג איך, אז איך זעה, אז יענער האָט שוין צוגענומען, זאָג איך, די שפּילקע אויך, איצט וועל איך שוין נישט רעדען צו איהם, ווען איך זאָל אפילו וויסען, זאָג איך, אז איך ווער גליקליך.

— נו, וועל איך א געשריי טון! — מאַכט זי — איך קאָן נישט זעהן, זאָגט זי, ווי מ'רויבט אונזער בלוט.

— זאָל דיך גאָט אָפּהיטען! — זאָג איך — אזוי לאַנג ווי איך לעב, זאָג איך, וועט די מוטער פון מיינע קינדער, זאָג איך, נישט האָבען צו טון מיט א מענשען וואָס קומט, זאָג איך, אין מיטען דער נאַכט צו יענעם אין שטוב אריין און נעמט ביי איהם צו, זאָג איך, ס'ווייסעל פונ'ם אויג.

דער גנב האָט גענומען אראָפּנעמען די אויבערבילדער פון די ווענט.

— דו זעהסט. — זאָג איך צו מיין פרוי — דאָס מענשעל איז מיר באַלד פון אָנהויב נישט געפעלען גע־וואָרען. איצט זעה איך, זאָג איך, אז איך האָב געטון גאַנץ גליייך, וואָס איך האָב צו איהם נישט געוואָלט רע־דען. אז־אה באַנדיט! — זאָג איך — אָט האָט ער שוין, זאָג איך, דערטאַפּט מיין גאָלדען זייגערעל, און אָט נעמט ער שוין אראָפּ די בילדער פון די ווענט אויך.

— ער וועט אונז אָנאַרבייטען א שעהנע חתונה! — מאַכט זי און פּלאַטערט ווי א פויגעל.

— זאָל ער עס טון! — זאָג איך — זאָל ער נעמען, זאָג איך, וואָס ער וויל און וויפיעל ער וויל. איך וועל איהם, זאָג איך, נישט זאָגען א וואָרט. איך

מוז איהם איינמאָל פאר אלע מאָל, זאָג איך, אָנלערנען, אז ער זאָל מיך האָבען צו געדענקען אזוי לאנג ווי ער וועט לעבען.

ער האָט גענומען שלעפּען די קליינע זיידענע קאָלדרע פונ׳ם קינד׳ס בעטעל.

— זעה, וואָס ער טוט! — מאכט מיין פרוי און וויל זיך צעוויינען.

— וויין נישט! — זאָג איך און גלעט איהר דעם קאָפּ — סע פּאסט מיר נישט, זאָג איך, אז די מוטער פון מיינע קינדער זאָל וויינען, בשעת א פרעמדער מענש איז דאָ אין שטוב. וועסט וויינען, זאָג איך, שפּעטער. לאָז ער דערווייל, זאָג איך, אוועקגעהן.

— אָבער ער נעמט דאָך אלצדינג מ י ט! — מאכט זי — זעה נאָר, מאכט זי, ווי ער שלעפּט דעם זאק צו דער טיר.

— נו, איצט זעהסטו שוין — זאָג איך — אז ווען איך ווארף אן אומ׳חן אויף א מענש, איז דאָס נישט אומ־זיסט! לאָז ער שלעפּען דעם זאק, זאָג איך, געזונטער־הייט. איך וועל ווייטער אָנגעהן מיט מיין פּרינציפּ פון שווייגען. אויב שלאָגען זיך, זאָג איך, איז מיט מ י י נ ם ג ל י י כ ע ן, נישט מיט קיין ג נ ב . . .

דער דערצעהלער האָט אָנגעטון ס׳היטעל און גע־ענדיגט:

וואָס זאָל איך אייך זאָגען, ליעבער פריינד? ער האָט מיך באַ׳גנב׳עט אויף א שעהנע פּאָר הונדערט טוהלער. ער האָט אונז איבערגעלאָזט מיט׳ן בלויזען בעט און מיט די קישענעס, אויף וועלכע מיר זענען געלעגען.

און אלץ צוליעב דעם, ווייל איך בין אן עהרענמאַן און איך וועל נישט טון קיין זאך וואָס איז אונטער מיין ווירדע.

# דער אַנטיקען סוחר

דער אנטיקען־סוחר איז א מענש וואָס לעבט צוריק־צו־וועגס. זיין גרעסט פאַרגעניגען איז אויסצוגראָבען א שטיק פון דער אַלטער פאַרגאַנגענהייט און עס פאַרקויפען פאַר עלף טויזענד טולער. זיין העכסטער אידעאַל איז די ריקווערטסקייט. וואָס ריקווערטסער א זאַך איז, אַלץ חשוב'ער איז זי. אַלץ טייערער. אַלץ נעלדברענגענדער. ער איז א מענש, וואָס פאַרנעכטענט אַלע היינטס, כדי זיי צו געבען א גלאַנץ פון ווייטקייט. א כישוף פון טרוימ־ליכקייט. אין זיינע אויגען ברענען די טויטע יאָהר־טויזענדער מיט א גרין שימעלפייער. אין זיין האַרץ ציטערט דער הויך פון אויסגעאָטעמטע טעג, און זיין קאָפּ־קעסטעל איז פול מיט שטויבווארג, מיט אַלטקייט, מיט פאַרגאַנגענער געשיכטע.

איך האָב איהם געטראָפען אויף אן אַלטען בית־עולם, וואו ער איז געשטאַנען און באַ'חידוש'ט די אוראַלטע, אנטיקווארע מצבות, און נישט געהערט ס'געוויין פון די מענשען, וואָס האָבען באַגראָבען א יונגען מת.

— א רחמנות! — האָב איך זיך אָנגערופען צו איהם.

— נעבעך אזא יונגער מענש.

— ווייס איך! — האָט דער אנטיקען־סוחר גענעבען א קוועטש מיט די פּלייצעס. — ס'א מת פון ה י י נ ט י ־ ג ע ן יאָהרהונדערט. ס'האָט נישט קיין שום ווערט.

— איך פאַרשטעה נישט.

— איך מיין פשוט: ס'איז א ביליג ארטיקעל, די היינטיגע מתים. פאַראַן טויזענדער און טויזענדער פון

זיי. אָבער קיינער פון אונזערע לייט קוקט זיך אויף זיי נישט אום. מיר זענען בלויז פאַראינטערעסירט אין עגיפּטישע מומיען — האָט ער אויסגערופן באַגייסטערט.

— אַך, זענען דאָס אַנטיקען!

— אָבער ס׳געוויין פון דער מוטער! — האָב איך געפּרובט אָנריהרען די איידעלסטע סטרונע פון זיין נשמה.

— דאָס דאָזיגע געוויין — האָט ער געזאָגט קאַלט־בלוטיג — וועט ערשט האָבען אַ ווערט אין זעקס טויזענד יאָהר אַרום. היינט איז עס נאָך ניי, האָט עס נישט די ווערט אַ סענט.

— איהר קוקט אויף אַלצדינג פון׳ם שטאַנדפּונקט פון אַלטקייט! — האָב איך איהם אונטערגעלייגט אַ שוואַך באַמערקונגעל.

— יאָ — האָט ער געזאָגט מיט אַ קול, וואָס האָט געקלונגען ווי דער סוף פון דרייצעהנטען יאָהרהונדערט. — איך בין אַן אַנטיקען־סוחר. איך האַנדעל מיט אַנטיקען. די מינדסטע זאַך, וואָס איהר טרעפט ביי מיר אין שטוב איז אַלט נישט ווייניגער ווי פופצעהן הונדערט יאָהר. אָט איז, זאָגט ער, מיין וויזיט־קאַרטעל. דאָס קאַרטעל אַליין איז שוין, מאַכט ער, אויך אַלט אַ צוויי הונדערט יאָהר. דאָס איז אַ קעניג־פּאַוועל־דער־עלפטער־קאַרטעל. אַזוינע קאַרטעלעך זענען בלויז פאַראַן דריי אויף דער גאַנ־צער וועלט. פון די איבריגע צוויי איז איינס ביים מאַרקיז פאָן יאַפּאַנק, און ס׳צווייטע ביים קאַרדינאַל מעכעלסאָן פון האַרלעם.

— ס׳איז אַ וואונדערבאַר קאַרטעל.

— כ׳מאַך איהן אַ וועט! — האָט ער זיך געגרויסט און פאַררוקט ס׳אַלטע קאַפּעליושעל אויף אַ זייט. — יעדער זאַך, וואָס געפינט זיך ביי מיר האָט הינטער זיך אַ געוויסע טראַדיציע. נעמט מיין הוט, צום ביישפּיעל.

— מסתּמא פון׳ם עלפטען יאָהרהונדערט!

— פונ׳ם עלפטען ? ! — איז ער געוואָרען כמעט ווי אויפגערעגט. — דאָס היטעל איז נאָך געטראָגען געוואָרען פון קעניג ראַמסעס דער 49טער, בשעת ער האָט נאָכגעיאָגט די אידען צום ים־סוף, און משה רבינו האָט עס פון איהם אראָפּגעכאַפּט.

— ו ו ע ר זאָל אזוי לעבען ?

— הלואי זאָל איך אזוי זיין א טאטע צו מיינע קינ־דער, ווי איך זאָג אייך נישט קיין ליגען.

— און ס׳וועסטעל אייערס איז מסתמא אויך אַן אַנטיקעל ?

— אודאי. מ׳האָט עס אויסגעגראָבען אין בבל, מיט דריי טויזענד יאָהר צוריק, בשעת עס איז געווען די גרויסע פארפלייצונג אין גאַלוועסטאָן. קומט אריבער צו מיר אהיים — האָט ער געזאָגט — וועל איך אייך ווייזען די א מ ת ׳ ע אַנטיקען. סע וועט אייך פארכאַפּען די אויגען.

אויפ׳ן וועג צו איהם אהיים האָבען מיר אָנגעטראָפען א געזעמעל מיט מענשען, וואָס האָבען געטראָגען אַן אי־בערגעפאָהרענעם אידען, מיט א צובראָכענעם פוס.

— אָט אזא מין איד, ווען ער זאָל שוין זיין איבער־געפאָהרען א פיער טויזענד יאָהר, וואָלט איך איהם אָפּגעקויפט און באַצאָהלט א שעהנעם פרייז — האָט דער אַנטיקען־סוחר געזעדט. — אָבער אזוי ווי ער איז ערשט איבערגעפאָהרען עטליכע מינוט איז נאָר א שאָד, וואָס מ׳שלעפּט איהם צום דאָקטאָר.

ווען מיר זענען צוגעקומען צו זיין פּ א ל א ץ האָט זיך פלוצים דערהערט א קלונג פון א קלויסטער־גלאָק.

— איהר הערט דעם קלאַנג ? — האָט צו מיר גע־זאָגט דער אַנטיקען־סוחר. — דער דאָזיגער קלאַנג איז שוין אַלט איבער א יאָהר. כ׳האָב איהם פארטשעפּעט פאר מיין קונסט־גאַלעריע. קומט אריין, ביטע. דאָס איז מיין שלאָס — האָט ער געזאָגט, אָנווייזענדיג אויף א

קליין הויז, וואָס האָט זיך שטילערהייט אַרונטערגעשעמט ביז צו דר'ערד, און וואָס האָט געהאַט אַ לאַנגע שבת־באַנק פון פאָרענט, נעבען דעם אַריינגאַנג. — דאָס איז מיין שלאָס, געבויט אין סטיל פון מענדעלביילים. אויף דעם קוימען אַליין — מאַכט ער — איז אַוועק אפשר זעקס הונדערט טאָן מיט רויטע רובינען, אַ חוץ פּערעל.

אינוועניג האָט ער מיך געבעטען איך זאָל זיך צו־זעצען און ער האָט אַ וואונק געטון דער דינסט זי זאָל עפּעס דערלאַנגען צום טיש.

— איהר זעהט די דינסט? — האָט ער געזאָגט בשעת די אידענע איז אַוועק אין קיך — דאָס איז די איינציגע פרוי, וואָס איז פאַרבליבען פון די אַלטע בור־וואַנער. זי איז אַ פּרינצעסין און זי מאַכט זעהר גוטע ציבעלע־קיכלעך. איהרע פיש האָבען אַ שם אויף דער וועלט!

באַלד האָט „די לעצטע פרוי פון די בורוואַנער" אַריינגעבראַכט אַ טעלער מיט פיש, אַוועקגעשטעלט עס נעבען מיר און געזאָגט:

— טאָטיהרעס!

— „טאָטיהרעס" — האָט מיין אַנטיקען־סוחר ער־קלערט — איז אַן אַלט בורוואַניש וואָרט און דער טייטש דערפון איז: אָט האָט איהר עס! ס'איז ענליך — האָט ער געזאָגט — צו אידיש.

כ'האָב פאַרזוכט אַ שטיקעל פיש. עס האָט געהאַט אַלערליי טעמ'ען.

— ס'איז זעהר ווילע פיש! — האָב איך אויסגע־דריקט מיין באַוואונדערונג, וואָס די אַלטע בורוואַנערין מאַכט אַזוינע עכט־גאַליצישע מאכלים.

—יאָ — האָט ער געזאָגט — די פיש זענען שוין אַלט איבער פיער הונדערט יאָהר. זיי זענען באַלזאַמירט.

— און דער בראַנפען?

— ס'איז ניט קיין בראנפען. ס'איז דער זאפט פון אלטע אויסגעדריקטע פיראמידען.

עס איז אריינגעקומען א פיצעלע הינטעל, מיט א מענ־טעלע און מיט געקרייזעלטע האר, ווי א דיכטערעל.

— איהר זעהט די ווילדע חיה! — האט ער געזאגט.

— זי שטאמט פון די אויסטראלישע וועלדער. איך רוף זי — מאכט ער — לענגבאימער, דערפאר ווייל זי איז נישט צהער, נישט אהין.

— א פיין לענגבאימערל! — האב איך געזאגט, און א גלעט געטון דעם לענגבאימער איבער'ן קעפעל.

— גיטע, ריהרט נישט אן די בעסטיע! — איז ער אויפגעשפרונגען. — זי וועט אייך נאך חלילה פארצוקען. ס'איז — זאגט ער — נישט קיין היינטיגע חיה. זי איז שוין אלט 840 יאהר.

ס'איז אריינגעקומען דעם אנטיקען־הענדלער'ס פרוי.

— ביטע, באקענט זיך! — האט געזאגט דער אנטי־קען־סוחר צו זיין ווייב. — דאס איז הערר נאדיר. ער שרייבט אונגעהויער אלטע זאכען. יעדער זאך וואס ער שרייבט שטאמט נאך פון די צייטען פונ'ם ערשטען בית־המקדש.

איך האב זיך גענומען רויטלען.

— יא — האט ער געזאגט צו זיין פרוי — דער־דאזיגער מאן (אנווייזענדיג אויף מיר) דענקט אזעלכע אלטע געדאנקען, אז זיי דארפען אזש שטעהן אין א מוזעאום. יעדער איינפאל זיינער איז א שטיק זיבעטער יאהרהונדערט!

און צו מיר האט ער געזאגט שטילערהייט:

— איהר זעהט מיין פרוי? דאס איז אן אמת'ער אנטיק. איבער צוויי טויזענד יאהר אלט. מ'האט זי געפונען נישט ווייט פונ'ם פאנאמא־קאנעל. א זעלטענע ערשיינונג.

איך בין געווארען מיד און מידער. איך האב זיך

גענומען פיהלען, ווי איך וואָלט געווען מיין אייגענער
אור־אור־אור־עלטער־זיידע, און ס׳האַרץ איז אין מיר
אנשלאָפען געוואָרען פון אַלטקייט.

— איכ׳ל געהן! — האָב איך געזאָגט מיט אַ שטויביג
קול. — ס׳איז שוין שפּעט, און איהר ווילט שוין מסתמא
שלאָפען.

— שלאָפען?! — האָט ער אַ שפּרונג געטון פונ׳ם
בענקעל. — אַט וועל איך זיך כאַפּען שלאָפען מיט אַ
נ י י ע ם ערשטגעמאַכטען שלאָף, וואָס האָט נישט הינטער
זיך קיין שום טראַדיציע, קיין שום הויך פון אַלטערטום.

---

ווען איך בין אַרויסגעקומען אין גאַס האָט מיר אַלצ־
דינג געשווינדעלט פאַר די אויגען... עס האָט זיך מיר
געדאַכט, אַז איך לעב צוריק־צו־וועגס. די גאַסען האָבען
מיר אויסגעוויזען ווי אַלטע יאָהרהונדערטער, וועלכע איך
געה פערביי אויף מיין וועג צו דער געוועזענקייט. און
אפילו די געלע לבנה האָט מיר אויסגעזעהן אַזוי אַלט
און אָפּגעריבען, ווי מיין געמיט, ווי די האַלבע שעה וואָס
איך האָב פאַרבראַכט ביי דעם אַנטיקען־סוחר.

# דער כח פון אַ בופלאָקס

ער דערצעהלט:

איך בין אַ שטילער מענש, אַ רוהיגער מענש און איך האָב האָלד צו לעבען גליקליך — קיין גרעסער פארגניגען ווי צו זיין גליקליך איז ביי מיר נישטאָ.

דאריבער: וואו עס מאַכט זיך נאָר אַ געלעגענהייט צו געניסען פון דעם גוטען ביסעל גליק — דאָרט בין איך פאראַן. איך קאַרג נישט מיין צייט. איך קוק נישט אויף דעם וואָס מענשען וועלען זאָגען, אַבי דאָס ביסעל גליק וואָס איך געה טון געניסען איז פריש און נישט טייער.

צו טייער קען איך נישט באַצאָהלען, ווייל איך בין נישט קיין רייכער מענש. ווען איך וואָלט געווען רייך — בע־בע־בע! וואָלט איך אָפּגעקויפט דאָס גאַנצע גליק וואָס די וועלט פארמאָגט, און איך וואָלט עס אָפּגעשאָטען ביי זיך אין קעלער. לאָז עס ליגען אויפ'ן ווינטער — וואָרים ווינטער, ווען דער פראָסט ברענט און די פענסטער זילבערן זיך, איז זעהר גוט זיך צו באָדען אין גליק, — ווייל גליק, זאָלט איהר וויסען, האָט אַ טבע, אַז סע וואַרימט־אויף ס'בלוט, און סע שטאַרקט די אברים און ס'איז זעהר געזונט פאַר דעם גאַנצען גוף.

איז, ווי געזאָגט, האָב איך זיך געלעבט רוהיג, שטיל, באַלעבאַטיש, וואָס באַלעבאַטיש קען נאָר זיין, ביז עס האָט זיך פארלאָפען די פאָלגענדע מעשה, וואָס וועט איך באווייזען דעם כח פון אַ בופלאָקס.

איינמאָל, אין אַ שענעם פריהמאָרגען, אַז איך האָב

ארויסגעקוקט פון דעם פענסטער פון מיין הויז, האָב איך אויף דעם פּאַרקאַן פון דעם ליידיגען שטיק ערד, וואָס קעגענאיבער מיין הויז, דערזעהן אַ גרויסען פּלאַקאַט, ערשט־וואָס אויפגעקלעפּט, און ער איז נאָך געווען פריש, און דער פּאַפּ איז נאָך נישט געווען אויסגעטרוקענט איבער די קנייטשען פון דעם גלאַנציגען פּאַפּיער. דער דאָזיגער ריזיגער פּלאַקאַט האָט געלאָזט וויסען, אַז ב ו פ ל אָ ק ס ט אַ ב אַ ק איז דער בעסטער און אַראָמאַטישסטער טאַבאַק אין דער וועלט. רויכערט בופּ־לאָקס טאַבאַק. פאַרוואָס רויכערט א י ה ר נישט קיין בופלאָקס טאַבאַק? בלויז צעהן סענט אַ פּעקיל. רויכערט בופלאָקס טאַבאַק, און ווערט שטאַרק ווי אַ בופלאָקס.

דאָ איז געקומען אַ בילד פון אַ בופלאָקס.

איבערגעלייענט די דאָזיגע מודעה, האָב איך דער־פיהלט אַ מין אומרוהיגקייט. איך האָב דערפיהלט, אַז די דאָזיגע בופלאָקסענע מודעה וועט מיך אזוי גרינג נישט אָפּלאָזען, כאָטש איך בין בכלל נישט קיין רויכערער, און דאָס ביסעל וואָס איך רויכער י אָ, איז דאָס נישט מיין אייגענער טאַבאַק, נאָר אזעלכער מיט וועלכען מען טראַק־טירט מיך...

דעמזעלבען פריהמאָרגען, אַז איך בין געגאַנגען צו דער ארבייט און בין פאַרביינגעגאַנגען דעם פּאַרקאַן מיט דעם ריזיגען אַדווערטייזמענט, האָב איך ווידער ד ע ר־ה ע ר ט מיט די אויגען דעם גוואַלד־געשריי פון דעם געדרוקטען בופלאָקס, וועלכער האָט מיר איינגעשמועסט, מיט די הערנער. און מיט אַלצדינג, אַז קיין בעסערע זאַך ווי בופלאָקס־טאַבאַק איז גאָרנישטאָ אויף דער גאַנצער וועלט, און אַז איך זאָל קויפען אַ פּעקעל בופלאָקס־טאַבאַק פאַר בלויז צעהן סענט.

— נישט א י צ ט, פּליעז! — האָב איך שטומערהייד, מיט די אויגען, געבעטען ביי דער רעקלאַמע. נישט איצט. איצט מוז איך אַוועקלויפען צו דער ארבייט.

אן אנדערס מאָל וועלען מיר זיך אפשר דורכרעדן וועגן דעם. איצט האָב איך קיין צייט נישט.

— אָבער ס'איז נאָר צעהן סענט א פעקיל! — האָט מיר די רעקלאַמע נאָכגעשריען אויף די פּלייצעס־אַרויף.

— סע געהט נישט אין די צעהן סענט! — האָב איך געענטפערט און נישט אומגעקוקט זיך, — צעהן סענט איז ביי מיר גאָרנישט, סע געהט בלויז אין דעם, וואָס איך בין בכלל נישט קיין רויכערער. „זאָ וואהר איך לעב!" — האָב איך זיך געשוואָרען פאר זיך זעלבסט — „אז איך בין נישט קיין רויכערער!"

— אָבער ס'איז דער בעסטער טאבאַק אין דער וועלט! — האָט מיר דער אָפּגעמאָלטער בופלאָקס נאָכגעמרוקעט מיט א ווילד קול.

— טויזענד מאָל דער בעסטער טאבאַק! — האָב איך געזאָגט בדרך ענטשולדיגונג — אז איך רויכער נישט, לאָזט זיך דאָך אוים!

איך האָב גענומען שטעלען גיכע טריט, אָבער נאָך מיר, הינטער מיר, איז מיר, דוכט זיך, נאָכגעלאָפען דער בופלאָקס און מיך געוואָלט דורס זיין, דערפאר וואָס איך קויף ביי איהם נישט א פעקיל טאבאַק — כאָטש א י י ן פעקיל טאבאַק פאר צעהן סענט!

אז איך בין אריין אין שאפּ, בין איך געווען בלאַס ווי א מת פון לויפען און א גאנצען טאָג האָט זיך מיר געדאכט, אז דער ווילדער בופלאָקס שטעהט הינטער מיר, מיט'ן דאשעק פון זיין קאשקעט אָן א זייט, דער ראָק צעקנעפּעלט, דאָס בערדיל צעשויבערט און ער פאָדערט, איך זאָל איהם ערקלערען, למאי איך האָב נאָך נישט געקויפט א פעקיל בופלאָקס טאבאַק, און וואָס וועט זיין מיין תכלית? און וואָס טראַכט איך זיך עפּעס?

ערשט שפּעטער האָב איך זיך געכאַפּט, אז דער בופלאָקס מיט דעם דאשעק אויף א זייט איז נישט דער אמת'ער בופלאָקס פון דעם אדוועטייזמענט, נאָר מיין

פּאַרמאַן, וועלכער האָט זיך געבייזערט, פאר וואָס די ארבייט גערט ביי מיר היינט אַזוי פּאַמעליך.

גנה דערצעהל איהם!

פון דעמאָלט אָן פלעגט מיר יעדען פריהמאָרגען אויס־קומען פאַרבייצוגעהן דעם בופלאָקסישען אדווערטייזמענט, און יעדען טאָג אז איך בין צוגעקומען אַזוי נאָהענט צו דעם בופלאָקס, אז איך האָב געקאָנט רעדען מיט איהם, האָב איך אַ שמייכעל געטון און געזאָגט:

— כ'לעבען, איך רויכער נישט. ביי מיין וואָרט, אַז נ י ש ט!

— א גוט פעקעלע טאבאק? — האָט דער אדווער־טייזמענט זיך געמאכט ווי ער וואָלט נישט געהערט מיינע רייד — א גוט פעקעלע שמעקעדיגען, טייערען, פּראַכט־פולען אַראָמאַטישען טאבאק, פּליעז!

— א דאנק! — האָב איך געזאָגט — איך האָב נישט קיין צייט. איך דארף אוועקלויפען צו דער ארבייט. — איבריגענס — האָב איך געזאָגט צו דעם בופלאָקס — האָב איך דאָך אייך שוין עטליכע מאָל ערקלערט, אז איך רויכער נישט. איך האָלט נישט דערפון.

— וואָס הייסט, איהר האלט נישט דערפון? — האָט מיר דער אַדווערטייזמענט אריינגעשריען אין אויער אריין — 80 מיליאָן מענשען האלטען דערפון און איהר נישט?

— איך בין נישט געזונט — האָב איך זיך פאַרענ־פערט — איך הוסט, און — איך האָב כלומרשט גענומען הוסטען, כדי צו איבערצייגען דעם אַדווערטייזמענט, אז איך נאַר איהם נישט אָפּ.

— בלויז צעהן סענט א פעקעלע — א שמעקענדיג, א דופטענד, אַן אַראָמאַטיש פעקעלע! — האָט מיר דער אדווערטייזמענט נאָכגעשריען מיט ריזיגע בוכשטאבען, און וואו איך בין געשטאנען, און וואו איך בין געגאנגען,

האָט מיר געקלונגען אין די אויערען און עס האָט מיר גע־פינקעלט פאר די אויגען די ווערטער:

בופלאָקס־טאבאק. דער אראָמא־טישסטער טאבאק אין דער וועלט. אלע רויכערן בופלאָקס. איהר וועט אויך רויכערען בופלאָקס. בלויז צעהן סענט א פעקעלע.

איך בין געוואָרען שוואך און נערוועז, און כ'האָב באקומען א געוואוינהייט, אז מיינע ליפען האָבען זיך אלעמאָל פארקרימט אויף א זייט, און די אויגען האָבען ביי מיר גענומען פינטלען פון דערשראָקענקייט. אין שאפ, ביי דער ארבייט, פלעג איך פלוצים דערזעהן דעם ווילדען בופלאָקס מיט א פעקעל טאבאק אין מויל, ווי ער לאָזט זיך צו מיר אָן אויפגערעגטער, און ווי איך נעם פון זיך אראָפּ ס'רויט־וואָלענע אונטערהעמד און וויל איהם אוועק־טרייבען, און — ער לאָזט זיך נישט. און בילדער פון דער רוימישער ארענא, און פון אידען וואָס זענען געגאנגען אויף קידוש־השם, האָבען ארויסגעבליהט פאר מיינע אויגען. עס האָט זיך מיר געדאכט, אז סוף כל סוף, וועל איך אויך געהן אויף קידוש השם, צוליעב א פע־קיל טאבאק, און איך וועל אריין אין דער געשיכטע — וועל איך אריין.

ביינאכט, אז איך בין אנשלאָפען געוואָרען, פלעגט זיך מיר דוכטען, אז דער געוויסער בופלאָקס שטעהט אונ־טער מיין פענסטער און מרוקעט און רייסט די לאָדען. און מיין ווייב ווארפט איהם א בינגעלאייזען אין קאָפּ אריין און ער פאלט אראָפּ, און ברעכט זיך אויס א פוס, און מען קלאָגט מיך פאר בריטש־אָוו־פראָמיס און איך בין אומגליקליך אויפ'ן גאנצען לעבען.

מאָדנע חלומות!

אז עס זענען אוועק א דריי וואָכען און מיין בופלאָקס איז געוואָרען פארעלטערט פון שטויב און אויפגעבלאָזען

פון נאַסקייט, האָט ער באַקומען נאָך אַ מעהר־קרינגעריש אויסזעהן, און נאָכדעם ווי אַ שלאַגס־רעגען האָט ביי איהם אַראָפּגענעצט אַ האָרן — איז ער געוואָרען אַזוי פאַר־ביטערט און דערצאָרענט, אַז זיין געדרוקטער געשריי: קויפט בופלאָקס טאַבאַק, האָט געקלונגען ווי אַ לעצטע וואָרנונג, ווי אַן אולטימאַטום. יענעם פריה־מאָרגען האָבען מיר — איך און דער בופלאָקס פון דעם אַדוועטייזמענט — געהאַט דעם פאָלגענדען שמועס:

ער: וועסט קויפען אַ פעקיל טאַבאַק, צי ניין? (מרוקעט) וואו־ף!

איך (דערשראָקען): איכ'ל קויפען. ביי מיין וואָרט, איכ'ל קויפען, נאָר הער אויף מרוקען.

ער: ווען וועסטו קויפען? וואו־ף! (וויל אַראָפּ־שפּרינגען פון פלאַקאַט און מיך דער'הרג'נען.)

איך: (גיב אַ שפּרונג אַוועק): ניטע!

ער: ס'איז דער שמעקעדיגסטער טאַבאַק אין דער וועלט. וואו־ף!

איך: לאָז זיין דער ערגסטער — עס אַרט מיך נישט...

ער: בלויז צעהן סענט אַ פעקיל. וואו־ף!

איך: לאָז זיין אפילו 50 סענט אַ פעקיל, איך וועל שוין סיי ווי סיי קויפען, מ'קען זיך עפּעס העלפען?

ער: געדענק־זשע!

פאַרנאַכט, אַז איך בין געגאַנגען פון דער אַרבייט, בין איך אַריין אין אַ טאַבאַק־געשעפט, געקויפט אַ פעקיל בופלאָקס און האָב זיך געלאָזט אַהיים, מיט גרויס האָפער־דיגקייט.

אַז איך בין צוגעקומען צום בופלאָקס־אַדוועטייזמענט און דערהערט ווי ער שרייט מיט רויטע טינט, איך זאָל קויפען אַ פעקיל בופלאָקס־טאַבאַק, האָב איך אַרויסגענו־מען מיין פעקיל פון קעשענע און געוויזען, אַז איך האָב שוין איינס.

אָבער דער פּלאַקאַט האָט נישט אויפגעהערט שרייען:

— קויף בופלאָקס־טאַבאַק!

— כ'האָב שוין געקויפט — האָב איך איהם צוריק־געענפערט.

— קויף בופלאָקס־טאַבאַק!

— איך זאָג דאָך דיר, אַז איך האָב שוין געקויפט — ג ע ק ו י פ ט! ג ע ק ו י פ ט! אָט איז דאָס פּעקעלע. און איך טראָג צו דאָס פּעקעלע נאָהענט צום בופלאָקס' אויג, אָבער יענער הערט נישט. ער שרייט זיך זיינס:

— קויף בופלאָקס־טאַבאַק!

— אויף מיין וואָרט, אַז איך האָב שוין געקויפט! — שווער איך זיך פאַר דעם אַדוועֶרטייזמענט. מעהר קויפען קען איך נישט — איך ק ע ן פּשוט נישט, ווייל סע מאַנ־געלט מיר די פּעני.

— קויף בופלאָקס־טאַבאַק.

דאָ בין איך געוואָרען אַזוי אויפגערעגט, אַז איך האָב גענומען רייסען דעם פּלאַקאַט און שרייען ווי א משוגע'נער:

— אָט האָסטו דיר קויפט! אָט האָסטו דיר בו־פלאָקס! אָט האָסטו דיר טאַבאַק! אָט האָסטו דיר צעהן סענט! אָט האָסטו דיר א פּעקיל! — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

שפּעטער מיט א האַלבער שעה בין איך שוין געוועזן אַרעסטירט פאַר צעשטערען פרעמד אייגענטום.

א כח אביסעל פון א בופלאָקס!

# דער כריסטליכער מענש

ער צלם'ט זיך איבער און זאָגט:

איך האָב א גוטען כאראַקטער, א מילדען, א ליעבגיבען, א כריסטליכען. דאָס עוואַנגעליום טרעט נישט אָפּ פון אונטער מיין קישען. יעדע נאַכט, איידער איך ווער אנשלאָפען, לייען איך מיר אביסעל פון דעם הייליגען ביכעל. איך ווער דאפון נאָבעלער, בעסער, מענשליכער. אנומעלטען האָט מיר עמיצער געגעבען א פּאַטש אין באַק, דערפאַר וואָס איך האָב איהם געזאָגט, אז די כריסטליכע רעליגיע איז מילדער ווי די אידישע. האָב איך געכאַפּט א הייס גלאָז טיי און איהם אָפּגעפּאַרעט דאָס פּנים. דערנאָך האָב איך איהם א וואַרף געטאָן צו דר'ערד און איהם געטרעטען מיט די פיס. אז איך האָב איהם אזוי גוט צעקיילט און צעביילט, האָב איך אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, אונטערגעשטעלט די צווייטע באַק און געזאָגט: „אנו, פּריִף, שלאָג!"

* * *

איך בין א קריסטליכע נאַטור. מיין נשמה ברענט מילד און פאַרשעמט ווי ס'עהל אין א הייליג לעמפּעל איבער'ן בילד פון דעם צו־טויט־גע'צלם'טען, בין פול מיט רחמנות און מיין געמיט איז שטענדיג דערשלאָגען. איך פאַרגיב יעדען איינעם מיט א ריינער, כריסטליכער פאַרגעבונג. איך וויים: ס'לעבען איז א לוויפיגער טייך. מיר — די ברעגען, וואָס גיבען פורעם. די צייט האַקט

אונז אויס, אָבער דער טייך ווערט דערפון נישט שמע־לער, נאָר ב ר י י ט ע ר.

איך בין אַ פרומפאַרגלויבטער, קלויסטערליכער, מעלאַנכאָלישער מענש. מיין גרעסט פאַרגעניגען איז צו פ א ר ג ע ב ע ן. אין דעם פּרט בין איך ג ע ט ל י ך. איך וואָלט געוואָלט אַז מענשען זאָלען וואָס מ ע ה ע ר זינדיגען קעגען מיר, כדי איך זאָל זיך קאָנען וואַרימען אינ׳ם געפיהל פון רחמנות צו אַנדערע. איך האָב מיר אַ ווערטעל: ווען עס זאָל נישט זיין קיין אָרימאַן אויף דער וועלט, וואָלט איך געמוזט עמיצען באַ׳גנב׳ענען, איך זאָל איהם קאָנען דערנאָך העלפען.

* * *

אַנומעלטען ביינאַכט, בין איך אַוועק פון דער היים. מיין פרוי איז געוועזען איינע אליין אין שטוב (מיר וואוי־נען ערגעץ אין אַ פּאַרוואָרפענער געגענד!) און מיין קליינע טאָכטער איז געלעגען אין בעט מיט הויכען פי־בער און שרעקליך געקרעכצט.

איך האָב געפיהלט אַ פאַרלאַנג פאַר עמיצען אויסצו־ריידען מיין הארץ און ערקלערען, אַז איך פ א ר ג י ב א ל ע מ ע ן. מיין פרוי פּאַרשטעהט מיך זעהר ווייניג, זי שעצט נישט אָפּ מיין ריין־כריסטליכע נאַטור. ביי איהר איז געוועזען רעכט איך זאָל בלייבען אַ גאַנצען אָוונד אין דער היים, ווייל ס׳קינד איז קראַנק. איך האָב איהר געזאָגט: „מיין ליעבע פרוי! איך פאַרגיב דיר פאַר דיינע רייד״. זי געבעטען, זי זאָל נישט אַנ־שלאָפען ווערען, ווייל איך האָב נישט דעם שליסעל צו דער דרויסענ׳דיגער טיר. זי האָט מיר אָנגערופען „מענש אָהן אַ הארץ!״ אָבער איך האָב איהר פאַרגעבען און בין אַוועק.

אַז איך בין צוריקגעקומען (אַ פערטעל נאָך פינף אין דער פריה), האָט מיין פרוי געקראָגען היסטעריקע. געוויינט. זיך געשלאָגען אין קאָפּ אריין. גע׳טענה׳עט,

אז ס'קינד איז זעהר קראנק און מ'דארף געהן נאָך א דאָקטאָר. איך האָב מיך גענומען אויסטון און גענענט־פערט: אז איך פארגיב איהר דורכאויס פאר איהר גע־וויין און אלצדינגג! און דאָס וואָס ס'קינד איז זעהר קראנק — פארגיב איך איהר אויך, חאָטש ס'איז מיין אייגען בלוט־און־פלייש. איך פארגיב — א ל ץ און אלע־מען און נאָכדעם האָב איך מיך געלעגט שלאָפען מיט א באַרוהיגט געוויסען.

* * *

א צווייטער אינצידענט: ס'איז צו מיר געקומען א באקאנטער — פון עסטרייך — און געזאָגט, אז ער געהט אויס פון הונגער. אפשר קאָן איך איהם מיט עפּעס באהילפיג זיין? אז נישט קומט איהם חלילה אויס — —

איך האָב איהם גוט באטראכט, געפרעגט צי ער איז באקאנט מיט'ן נייעם טעסטאַמענט. ער האָט געזאָגט: „עס ליגט מיר איצט ניט אין זין קיין שום רעליגיע. איך וויל ע ס ע ן!" ער האָט מיר גענומען אָפּמאָלען א בילד ווי אזוי זיין גאַנץ הויזגעזינט צאנקט ווי א ליכט און ווי אזוי ער אליין שטעהט קוים אויף די פיס... און כ'בעט אייך, זאָגט ער, טוט עפּעס פאר מיר... גיט מיר עפּעס, זאָגט ער, פון אייער טיש... ווארום איך קען שוין מעהר נישט אויס — — " ביי די ווערטער איז ער אני־דערגעפאלען און גע'חלש'ט. איך האָב גלייך טעלעפאָ־נירט ניט אין א שפּיטאָל אריין אז א מענש חלש'ט און אז מ'זאָל צושיקען עמיצען וואָס זאָל איהם מינטערן.

אז מ'האָט איהם אָפּגעמינטערט, האָב איך — (אין איינעם מיט'ן אמבולאַנץ־דאָקטאָר) איהם אָנגענומען אונטער'ן אָרעם און איהם געהאָלפען ארויסגעהן אין דרויסען ארויס.

„וועט איהר מיר נישט העלפען?" האָט ער געזאָגט מיט א נאַס קול און די בלאָהע ליפען האָבען ביי איהם

געציטערט. „ניין!“ האָב איך געזאָגט, „העלפען וועל איך אייך נישט, אָבער איך פארגיב אייך, זאָג איך, פון גאנצען הארצען. איהר מעגט“, זאָג איך, „נאָך צעהן מאָל אזוי שטארבען פון הונגער, וועל איך אייך“, זאָג איך, „אלץ פארגעבען, ווייל ס'איז ביי מיר אזא כריסטליכע נאטור“. — — —

# פאַרשלאָפען אַ וועלטאונטערגאַנג

ער איז געווען אַ שלעפערגער, ביי יעדער געלעגענהייט איז ער געשלאָפען. אומעטום: אויף אלע גרעסטע פאַר־זאמלונגען, אויף אלע קאָנצערטען, אויף אלע וויכטיגע צונויפקומונגען — האָט מען געקאָנט זעהן ווי ער זיצט און שלאָפט.

און שלאָפען פלעגט ער אין אלע מעגליכע און נישט מעגליכע פּאָזען; ער פלעגט שלאָפען מיט די עלענבויגענס אין דער לופטען און די הענט אויפ'ן קארק; ער פלעגט שלאָפען שטעהענדיגערהייט אָנגעשפּארט אין זיך זעלבסט, כדי ער זאָל נישט אומפאלען. ער פלעגט שלאָפען אין טעאטער, אין גאס, אין שול. וואו ער פלעגט געהן, פלעגען זיינע אויגען גיסען מיט שלאָף. דער שלאָף פלעגט שטענ־דיג רינען פון זיינע אויגען און לאָזען פון זיך אַ שפּור אומעטום. שכנים האָבען וועגען איהם דערצעהלט, אַז ער האָט שוין פארשלאָפען זיבען גרויסע שרפות און איינמאָל — ביי אַ גאָר גרויסער שרפה — האָט מען איהם ארויס־גענומען פון בעט אַ שלאָפענדיגען און איהם אוועקגעלעגט אויפ'ן טראָטואר; איז ער אזוי אָפּגעשלאָפען עטליכע שעה, ביז וואנעט אַ פּאטרול־וואָגען איז געקומען און איהם אוועקגעפיהרט אהין וואו מע באדאַרף.

מע האָט אויך דערצעהלט, אַז בשעת דער דאָזיגער איד איז געשטאנען אונטער דער חופה און געזאָגט דעם „הרי את" איז ער ביי דעם וואָרט „מקודשת" אנשלאָפען גע־וואָרען און מען האָט איהם געמוזט קלאפּען איבער'ן קאָפּ מיט מעשענע שטויסלען עטליכע שעה נאָכאנאנד, ביז

וואָגען מען האָט איהם אויפגעוועקט, און אז מען האָט איהם שוין אויפגעוועקט, האָט ער פּאמעליך אויפגעעפענט די אויגען, אזאָג געטון דאָס וואָרט „לי“, וואָס עס קומט נאָך דעם וואָרט „מקודשת“ און איז ווידער אנשלאָפען געוואָרען.

מיר דערצעהלען דאָס אלצדינג, כדי איהר זאָלט גלויבען אויף אונזער העלד אויך די פאָלגענדע מעשה:

איינמאָל בשעת ער האָט זיך געלעגט שלאָפען איז ער געשלאָפען און געשלאָפען און געשלאָפען; נאָר אין שלאָף האָט זיך איהם אויסגעדוכט, אז סע דוגערט אין דרויסען, און אז דאָס בעט זיינע שאָקעלט זיך א קאפּיטשקע; האָט ער אין שלאָף געמיינט — אז סע רעגענט אין דרויסען, איז איהם דער שלאָף געוואָרען נאָך מעהר באַ'טעם'ט. נאָך מעהר צום הארצען, האָט ער זיך אויפ'ן פריש איינגעוויקעלט אין דער קאָלדערע און איז אנשלאָפען געוואָרען מיט גרויס געשמאַק און זעלבסט־צופריעדענקייט.

אז ער האָט זיך אויפגעכאפּט, האָט ער דערזעהן ארום זיך א מאָדנע ליידיגקייט:

זיין פרוי איז נישט געווען, זיין בעטעל איז נישט געווען, זיין קאָלדערע איז נישט געווען. האָט ער געוואָלט ארויסקוקען דורכ'ן פענסטער איז נישט געווען קיין פענסטער דורך וועלכען ארויסצוקוקען. האָט ער געוואָלט אראָפּלויפען די דריי שטיגען און שרייען געוואלד, האָט ער נישט געהאט קיין שטיגען אויף וועלכע אראָפּצולויפען און קיין לופט אין וואָס אריינצושרייען. האָט ער גלאט אזוי געוואָלט ארויסגעהן אין דרויסען, האָט ער דערזעהן, אז ס'איז נישטאָ קיין **דרויסען**, אויסגערונען געוואָרען.

א ווייל איז ער געשטאנען ווי צעטומעלט און נישט פארשטאנען וואָס דאָס איז; נאָכדעם האָט ער זיך מישב געווען: **ער וועט זיך לעגען שלאָפען**, האָט ער אָבער דערזעהן, אז ס'איז ניטאָ אפילו קיין

הוילע ערד אויף וועלכער זיך צו לעגען שלאָפען. ערשט דעמאָלט האָט ער צוגעלעגט צוויי פינגער צום שטערען און געטראכט: אָ ט  ה פּ נ י ם, א ז  א י ך  ה אָ ב  פ א ר־ ש ל אָ פ ע ן  א  ו ו ע ל ט ־ א ו נ ט ע ר ג א נ ג. ס ׳ א ש ע ה ן  פּ ע ק ע ל!

איהם איז געוואָרען אומעטיג. נ י ש ט אָ  ק י י ן  ו ו ע ל ט, האָט ער געטראכט, ו ו אָ ס  ז ש ע  ו ו ע ט  ו ו ע ט  ע ר  ט ו ן  אָ ה ן  א  ו ו ע ל ט? וואוהין וועט ער געהן ארביימען? און פון וואָס וועט ער מאכען א לעבען? בפרט איצט, אז ס׳עסענוואַרג איז אזוי בראנד־טייער און אייער איז $1,20 סענט א דאָזען און וועד ווייס צי זיי זענען פרישע, און וואָס וועט ווערען מיט די פינף דאָלאר וואָס סע קומט איהם פון דער געז־קאָמפּאני? און וואו איז אהינגעקומען זיין ווייב, צום גוטען יאָהר? איז מעגליך, אז זי איז אויך אונטערגעגאנגען צוזאמען מיט דער וועלט און מיט די דרייסיג דאָלאר פּיידע וואָס ער האָט געהאט אין דער הויזענקעשענע? און זי איז דאָך פון דער נאטור, טראכט ער, נ י ש ט געווען קיין אונטער־געהערקע — דאָס ווייב זיינס. און וואָס וועט ער טון, אז ער וועט זיך וועלען לעגען שלאָפען?... אויף וואָס וועט ער זיך לעגען, אז ס׳איז נישטאָ קיין וועלט? און אפשר וועט איהם קוועטשען? און ווער וועט עס אויספּיניקעשען דאָס באָנדעל ארבייט, וואָס ער האָט איבערגעלאָזען אין שאפּ? און טאָמער וועט ער וועלען א גלעזעלע מאַלטער, וואו וועט ער נעמען?

„פּ כ ע!“ האָט ער געטראכט, ג ע ז ע ה ע ן  א מ אָ ל  א ז ו י נ ס? א מענש זאָל זיך לעגען שלאָפען מיט דער וועלט אונטער׳ן רוקען און זאָל אויפשטעהן אָהן א וועלט... העז אביסעל!

און ווי אונזער העלד איז אזוי געשטאנען אין די אונ־טערוועש און געטראכט וואָס צו טון, איז איהם איינגע־פאלען, אז כ א פּ ט  ע ס  ד ע ר  ר ו ח! מילא, איז נ י ש ט אָ קיין וועלט! וואָס זאָל מען טון? אונטערגעגאנ־

נען, איז פארפאלען; וועט ער אוועקגעהן אין די מופנפיק־
טשעס און זיך אביסעל פארווײלען די צײט. אָבער צו זײַן
גרויס איבערראשונג, האָט ער דערזעהן, אז אין אײנעם
מיט דער וועלט זענען אויך אונטערגעגאנגען די מופנפיק־
טשעס, מיט אלעמען.

א שעהן חתונ׳קעלע האָב איך דאָ אָנגעארבייט! — האָט געטראכט אונזער העלד און זיך גענומען גלעטען די וואָנצעס מיט דער לינקער זייט פון זײַן האנט און האָט ווייטער געטראכט: א שעהן חתונ׳קעלע האָב איך דאָ אָנ־געארבייט מיט מײַן שלאָף! אז איך וואָלט נישט געווען פּאָפען אזוי שטארק — האָט ער זיך אליין געזידעלט, — וואָלט איך כאָטש געווען אונטערגע־גאנגען גלײַך מיט אלעמען. אזוי בין איך חלילה אומ־גליקליך; און וואו וועל איך באקומען אביסעל מאָלטעד? כ׳האָב האָלד אלע אין־דער־פריה צו טרינקען א גלעזעל מאָלטעד. און מײַן פרוי? ווער ווייסט מיט וועמען זי איז אונטערגעגאנגען? אפשר איז זי אונטערגעגאנגען מיט דעם אונטערביגלערעל פונ׳ם טאפּ־פלאָר, וועל איך זי דער׳הרג׳נען. זאָ וואהר מיר גאָט העלפט!

ווער ווייסט ווי שפּעט ס׳איז שוין?

ביי די דאָזיגע ווערטער האָט אונזער העלד געוואָלט א קוק טון אויף זײַן אינגערסאָל־זייגערעל, אָבער ער האָט עס נישט געקאָנט געפינען, ער האָט געזוכט מיט ביידע הענט אין דער רעכטער און לינקער קעשענע פון דער ריזינגער ליידינקייט, אָבער ער האָט נישט געקאָנט אָנ־טאפּען קיין שום זאך.

ערשט באצאָהלט צוויי דאָלאר פאר אזיינערעל און ס׳איז שוין אונטערגעגאנגען, האָט ער געטראכט, מילא אז די וועלט איז אונטערגעגאנגען, — האָט ער זיך ווייטער געפּלאָנטערט אין געדאנקען, — ארט מיך נישט, ס׳איז

נישט מיין וועלט. אָבער דאָס זייגערל! פאַר וואָס זאָל מיין זייגעריל אונטערגעהן? א נייַ זייגעריל פאַר צוויי טוהלער, און ס׳איז נישט אָנגעצויגען, מע דאַרף עס אָנ־ציהען.

און וואו וועל איך נעמען א גלעזעל מאָלטער?

כ׳האָב האָלד צו טרינקען א גלעזעל מאָלטער אַלע אין דער פריה. און ווער ווייסט צו מיין פרוי איז נישט אונ־טערגעגאנגען מיט דעם אונטערביגלעריל פון טאפ־פלאָר. און איך האָב פארשלאָפען אזא געוואלדיגע וועלט־אונ־טערגאנג; מעג ניט קומען אויף מיר א פינסטער יאָהר, א ווייסטס? גוואלד! גע־וואלד!... האָט ער גענומען שרייען. וואו איז געוועזען מיין שכל; פארוואָס האָב איך נישט גע־האלטען קיין אויג אויף דער וועלט און אויף מיין פרוי׳קע? פארוואָס האָב איך זיי געלאָזט אונטערגעהן אזוי יונג? גע־וואלד!...

און אונזער העלד האָט זיך גענומען שלאָגען דעם קאָפּ אָן פוסטקיים, נאָר אזוי ווי די פוסטקייט איז געוועזען זעהר א ווייכע, האָט עס איהם נישט געשאד׳ט און ער איז געבליבען לעבען צו דערצעהלען די דאָזיגע געשיכטע.

# צימעס

ישׂשׂכר איז דער נאָמען פון א הויכען, געשטופּעלטען בחור. וועלכען מיר נאָמינירען אלס העלד פון אונזער געשיכטע.

מיר שטעלען זיך איהם פאָר אָט־אזוי: א לאנגער, א פלאכער, ווי אויסגעוואלגערט מיט א קאטשעלקע, פּינטעלט כסדר מיט די אויגען — פון שוואכקייט, אנשטאָט בלוט רינט ביי איהם אין די אָדערען ווארימער בוימעהל.

עני־בעסי, אָדער חנה־באשע איז דער נאָמען פון א געפּאקטער מויד — א געזונטע ווי אן אייזען, מיט א רויט פּנים, רויטע הענט, רויטע אוינען און רויטע קארשען־ליפּען, ווי אין זייפערט׳ס א ראָמאן.

די דאָזיגע עניבעסי ווערט פון אונז באשטימט אלס העלדין. און מיר טרעטען־צו צו דער — הומאָרעסקע.

אז ישׂשׂכר האָט ליעב געהאט עניבעסי׳ן איז זעלבסטפארשטענדליך. למאי זאָל ער זי פיינט האָבען? בפרט, אז זיי זענען נישט קיין פרעמדע, אז זיי ארבייטען אין דערזעלבער — הומאָריסטישער ערצעהלונג!

האָבען זיי זיך, אלזאָ, פארליעבט. גוט. זאָל זיין אין א מזל׳דיגער שעה. אי״ה ביי אונזערע קינדער, נאָר מיט א גרינגער הארץ!

געזאָגט — מוז געזאָגט ווערען, אז מיר, דער שרייבער פון דיזער מעשה און ישׂשׂכר, זענען מיר שטיקלעך קאָלעגען פער פראָפעסיע. ער שרייבט אויך.

צי ער שרייבט בעסער פון מיר, אָדער איך שרייב ערגער פון איהם — איז איצט נישט די פראגע. איצט

האנדעלט זיך בלויז וועגן קלאָר מאַכען אַ פּונקט אין זיין ביאָגראַפיע און אויך פאר איין וועג צו געבען אַן אָנצער־הערעניש, אַז אַזוי ווי ער איז אַ שרייבער איז ער שוין במילא אַ גרויסער שלומיאל — וואָס טויג נישט אַ קאָץ אַן עק צו פאַרבינדען.

פּונקט דער היפּוך פון איהם איז עניבעסי. ערשטענס איז זי אַ מיידעל, אַ זאַך וואָס יששכר איז נישט. און צווייטענס איז זי אַ לעבעדינע, אַ טאַנצענדינע און — אַ גרויסע בהמה.

ווי דער שטייגער איז!

אזוי גיך ווי יששכר האָט זיך באקענט מיט עני־בעסי'ן, האָט עס איהם אַ ציה געטון צו איהר — ווי מען זאָגט, אַז סע האָט איהם נישט אָפּגעלאָזען. געווען איז דאָס ביי איהרער אַ מומען אין הויז, ערגיץ אויף ווילעט סטריט. מען האָט געפּראַוועט עפּעס אַ שטיקעל פּ אַ ה ד י, און יששכר, אַלס אַ לאַדנסמאַן און אַלס אריינשטעלער אין די פּייפּערס, איז איינגעלאַדען געוואָרען צו קומען באַ־שיינען די שמחה.

איז ער געזעסען לעבען עניבעסי'ן און נישט גע־וואוסט, וואָס טוט מען: צי זאָל ער רעדען פון — צימעס, צי ניין?

אָבער דאָ בעט זיך שוין ווידער אַ שטיקעלע דער־קלערונג. יששכר, דאַרפט איהר מיר גלויבען אויפ'ן וואָרט, האָט געהאַט בלויז איין איינציגע טעמא: צימעס. איבער צימעס האָט ער געקענט רעדען צו יעדער־צייט און ביי יעדער געלעגענהייט. צימעס — דאָס איז געווען זיין שטאַרקע זייט.

וועגען צימעס האָט ער געהאַט אַ מאַסע געזאַמעלטע וויצען, עטליכע אַנעקטאָדען, צוויי מעשה'לעך און איבער אַ טוץ גלייכווערטלעך.

דערזעהן, אַז אויף דער אַנדער זייט פון עניבעסי'ן זיצט עפּעס אַ בחור און שטיפט מיט איהר אויף וואָס די

וועלט שטעהט, איז יששכר געוואָרען אויפגערעגט און האָט געטראַכט:

אָט באלד וועל איך רעדען וועגען צימעס!

יענער בחור (דער וואָס אָהן צימעס!) האָט זיך דער־ווײלע געטון וואָס א בחור דאַרף: פאַרקניפּט מיט איהר א שמועס, איהר דערצעהלט סאַרא גרויסער פאַרדינער ער איז און וואָס פאַר א שענע פאַמיליע ער שטאַמט, און —

פײן!

נײן. נישט פײן! אָפּשײליך! העסליך! נידערטרעכ־טיג! אַזוי האָט בײ זיך געטראַכט יששכר און ער האָט באַשלאָסען צו רעדען וועגען צימעס.

— פרײלײן! — האָט ער אָנגעהויבען און זיך גע־ווענדעט צו דער געוויסער עניבעסי׳ן — פרײלײן, איך טראַכט איצט וועגען אײך און וועגען — צימעס.

— אָלרײט! זעהר שעהן פון אײך! — האָט זי אָפּ־געענפערט מיט א געלעכטעריל און זיך בשעת מעשה אונטערגעהאַלטען מיט דעם אַנדערען בחור — דעם וואָס אָ ה ן צימעס.

— פרײלײן! — האָט יששכר גענומען זיך צוקלעפּען מיט זײן צימעס — פרײלײן, ווײסט איהר וואָרום איך טראַכט וועגען אײך אין פאַרבינדונג מיט צימעס?

— לאָמיר אַזוי וויסען בײז! — איז זי געווען אָפּענ־הערציג.

— ווײל צימעס — האָט זיך יששכר צעלאָזען — ווײל צימעס איז דאָס יום־טוב׳דיגע פון דער שפּײזען־וועלט. פונקט ווי א שעהן מײדעל איז דער יום־טוב פון דער וועלט־שפּײז — כע־כע!

אָבער עניבעסי איז געבליבען נישט־באַוועגליך ווי א מיל אויף דעם לײוועגט פון א האָלענדישער לאַנדשאַפט.

— איהר זאָגט צימעס! — האָט זיך יששכר ווידער אײנגעגעסען אין עניבעסי׳ן — צימעס איז ניט גלאַט א

באַנריף. עס שטאַמט פון די צוויי ווערטער: צום־עס — צום עסן, הייסט דאָס, אָדער, אַז ניט קען מען זאָגן, אַז עס שטאַמט פון די העברעאישע ווערטער: צהמת!

— צימעס! — האָט ער זיך צו׳התלהב׳עט, — צימעס איז דער סאַמער עיקר פון לעבן. אַ מענש — מאַכט ער — קען לעבן, אָהן אַ פוס, אָהן אַ האַנט, אָהן פּרנסה, אָבער אָהן צימעס קען דער מענש נישט לעבן. ווי ניטשע — מאַכט ער — האָט אַמאָל געזאָגט: דאָס גאַנצע מענשליכע לעבן איז בלויז אַ צימעס, אַ שטרודעל, אַ... אַ...

דאָ איז יששכר געבליבען שטעהן. אַריינגעצווינגען אָטעם דורך די ברייטע נאָז־לעכער און — געקוקט אויף עניבעסי׳ן און אויף דעם בחור וואָס איז געזעסען לעבען איהר — אויף דער צווייטער זייט. ביידע זענען איצט געווען פאַרטיפט אין קוקען זיך איינס־ס׳אַנדערע אין די אויגען און — זיפצען.

„איכ׳ל נאָך רעדען וועגען צימעס!“ — האָט געטראַכט יששכר, און זיך געווישט דעם שוויים פון שטערן.

און ער האָט טאַקע געהאַלטען וואָרט אויך. עס איז ניט אוועק קיין פינף מינוט, ווען מען האָט צוגעבראַכט צום טיש עטליכע געבאַקטע עפּעל, און דאָס האָט יששכר אויסגענוצט פאַר זיין טעמא — צימעס.

— געבאַקטע עפּעל! — האָט ער אָנגעהויבען און זיך אויסגעהוסט אין זשמעניע אַריין — געבאַקטע עפּעל זענען אויך אַ געוויסער צימעס. אַלץ וואָס איז שעהן אין לעבען איז — צימעס. אָבער דער גרעסטער און צימעסדיגסטער צימעס פון אַלע צימעסען איז — די ליעבע. אָך, סאַרא צימעס דאָס איז!

ביי די ווערטער האָט ער זיך אומגעקוקט צו ענִיבעסי׳ן, וועלכע איז געוואָרען רויט און טויט, און זיך

פאַרשעמט ווי אַ כּלה, בעת דער חתן צעברעכט דאָס גלעזעל.

— אָט הפּנים, אַז מיין צימעס הויבט אָן ווירקען! — האָט געטראַכט יששכר. — מיר'ן באַלד — האָט ער גע־טראַכט — ווייטער רעדען וועגען צימעס.

אָבער דאָ האָט זיך אויפגעהויבען דער בחור, וואָס איז געזעסען אויף דער אַנדערער זייט פון עניבעסי'ן, דער וואָס אָהן צימעס, און געזאָגט:

— מיסטער! וואָס דרעהט איהר אַ היטעל מיט צימעס! וואָס האָט איהר זיך צעצימעסט! — וואָס האָט איהר זיך? אַז איהר קענט נישט — מאַכט ער — רעדען ווי אַ מענש, זאָלט איהר האַלטען דעם חזיר'שען צונג, און נישט — מאַכט ער — רעדען גראָבע רייד בעת איהר זיצט לעבען אַ ל י י ד ע !

און ער האָט צוגעטוליעט עניבעסי'ס פאַרשעמט קעפּעל צו זיין גיגאַנטישער ברוסט.

— וואָס פאַר אַ גראָבע רייד האָב איך דען גערעדט?
— האָט זיך שוין יששכר נישט פאַרשטאַנען. — איך האָב בלויז געזאָגט, אַז צימעס —

— צימעס! צימעס! צימעס! מע הערט נישט מעהר ווי צימעס! — האָט איהם דער אַנדערער בחור איבערגעקרימט מיט פאַראַכטונג. און זיך ווענדענדיג צו עניבעסי'ן האָט ער געזאָגט:

— קומט, עניבעסעלע, לאָמיר זיך אַביסעל דורכגעהן אין פּ אַ ר ק! און ער האָט איהר דערלאַנגט דעם לינ־קען אָרעם, וועלכען זי האָט גערן אָנגענומען.

— מען האָט זיי באַדאַרפט געבען דעם משל וועגען דעם חזיר און דעם צימעס, וואָס איך האָב אַמאָל גע־הערט פון אַ מגיד! — האָט געטראַכט יששכר.

מיט אַ 10 מינוט שפּעטער, ווען ער איז געקומען צו זיך איז אָבער ליידער שוין געווען פאַרפאַלען. זיי זענען

שוין געווען אין דרויסען. און אפשר אין פּארק — און אפשר — ערגיץ אין אַ טונקעלען ווינקעל, וואו די גראָזען בלאָזען. און — קיין פּאָליסמאַן זעהט מען נישט פאר אַ מיליאָן!

# לעמעשקע

נעהייסען האָט ער „לעמעשקע“ און געווען איז ער א — לעמעשקע. דאָס הייסט: איידער ער איז געוואָרען א לעמעשקע איז ער געווען א מענש ווי איך און איהר. גענעסען, געטרונקען, גערעדט פאסקודנע רייד, גענומען א דירעקטען אָנטייל אין מלחמה־דעבאטען א. ז. וו. אלץ אזעלכע זאכען וואָס באווייזען, אז אונזער צעקראָכענער העלד איז געווען פאָלשטענדיג געזונט אויפ׳ן קאָפּ און — פארקעהרט.

נאָר אמאָל האָט זיך מיט אונזער ווערטען „לעמעשקע“ פארלאָפען א שוידערהאפטע מעשה: ער האָט נעמליך איבערגעלעזען עפּעס א ביכעל וועגען „די מיליאָנען גע־פאהרען וואָס לויערען אויף דעם מאָדערנעם מענשען“. דאָס דאָזינע ביכעל, וואָס איז געווען געשריבען פון א געוויסען דאָקטאָר „נעמימארוים די קעיכים“, האָט גענו־מען אונזער לעמעשקע׳ן און איהם געקוילעט אָהן א מעסער.

אָנשטאָט דעם דרייסטען יונג וואָס ער איז פריהער געווען, איז ער פון דעם מאָמענט וואָס ער האָט איבער־געלעזען דאָס באקאָנטע ביכעל, געוואָרען אן אבסאָלוטע און פאָלשטענדיגע לעמעשקע. אָנשטאָט וואָס ער האָט פריהער נישט מורא געהאט זאָגאר פאר א דזשעניטאָר, האָט ער איצט געציטערט פאר דעם שאָטען פון זיין איי־גענעם ברייטען קאפּעלוש, וועלכער איז ביי איהם געלע־גען אויף אן אויער — מעשה טראכטער!

און אז לעמעשקע האָט גענומען ציטערען — איז דאָס געווען א ציטערניש „איבער דער גאנצער ליניע“.

זיין שרעק פאר די לויערענדע געפאהרען האָט גיישט געוואוסט פון קיין אָפּשטעל, און פון קיין גרעניין. זעכצעהן שעה אין טאָג האָט ער געפּלאָטערט אין די פּלודערען פון שרעק פאר פארשיעדענע זאכען און די איבריגע אכט שעה האָט ער — האָט ער אויך געטון דאָס איינענע.

„עלעוויִיטאָר?" לאכציכוים! לעמעשקע וועט ניט פאָהרען אויף קיין עלעוויִיטאָר. אורזאך? עלעוויִיטאָרס קאָנען אראָפּפאלען. „סאָבוויים?" געהט אוועק פון דאַ־נעט! לעמעשקע וועט נישט פאָהרען אין קיין סאָבוויים — וואו עס קאָן יעדע מינוט און יעדע רגע פּאסירען א צוזאמענשטויס. „קארס"? דערמאָנט נישט דאָס וואָרט, פּליעז! א קאר קאָן אראָפּ פון די רעלסען אָדער אריינ־פאָהרען אין א פייער אינדזשען און למאי איז ער מחויב זיך איינצושטעלען ס'לעבען?

געהן צופוס? קאָן ער אויך נישט, ווייל עס טרעפען סיבות. ערשט נעכטען, איינער א מאן איז געפאלען אין סטריט פון עלטער־שוועכע.

און ניט נאָר וועגען פאָהרעכץ, נאָר מיט יעדער זאך אזוי. למשל: שלאָפען. וואו קאָן אזא איד ווי לעמעשקע שלאָפען? אין א ביליגען האָטעל, האָט ער מורא, אז עס וועט אויסברעכען אן ערד־ציטערניש. ווידער אין א טייערען האָטעל, האָט ער מורא, אז סע קאָן נאָך אין מיטען נאכט אויסברעכען א פייער, אָדער א קאבארעט. אין דער היים — קאָן איהם נאָך עפּעס אריינקריכען אין אויער, איז ער חלילה א פארטיגער. ווידער אין גאס — קאָן נאָך פארבייפאָהרען דער וואָגען מיט די בעזימס וואָס קערט די גאסען און איהם אוועקקערען. און דאָס נעמליכע מיט עסען: וואָס קאָן א מענש ווי לעמעשקע געניסען? פליש, אייער און מילך ענטהאלטען אין זיך, ווי מיר ווייסען, אזעלכע קליינע חיה'לעך וואָס רופען זיך „באַ־צילען", און וועלכע זיינען א סם־המות זאָגאר פאר א

געזונטען מענשען. בפרט נאָך פאר א י ה ם! ווידער־זשע גרינסען און פרוכטען און אנדערע קרייטיכער קאָן ער אויך ניט עסען, דערפאר וואָס זיי ענטהאַלטען אין זיך אזא מין „זויערקייט“ וואָס איז שעדליך פאר'ן מאָ־גען און סע גרייפט אָן דאָס הארץ. בלייבט איבער: וואסער.

איז אָבער די קשיה: וואָס פאר א וואסער זאָל לע־מעשקע טרינקען? טרינקען „ווייכע“ וואסער, האָט ער מורא, אז סע וועט איהם אריין אין די געהירען און ער וועט קריגען א וואסער־קאָפּ... ווידער הארטע וואסער איז צו טרוקען, — האָט ער מורא, אז סע וועט איהם דאַרשטען.

וואָלט ער שוין אין גאנצען געפּאסט, האָט ער אָבער מורא, אז ער איז שוואך דערצו.

ווי איהר זעהט, אלזאָ, האָט זיך אונזער לעמעשקע געפונען אין א ביטערער לאגע און ניט נאָר האָט ביי לעמעשקע'ן אריינגעטראָטען א גרויסע ענדערונג בנוגע צו פיזישע זאכען נאָר אויך צו גייסטיגע. אזוי, האָט ער, למשל, איידער ער איז געוואָרען אן אבסאָלוטע לעמעשקע זיך געהאט געליעבט מיט א מיידעל, געזעסען מיט איהר קעגען דער לבנה און זיך אויפגעפיהרט ווי א רעגעלער אידיאָט, — וואָס דאָס איז גאנץ נאָרמאל אונטער אזעל־כע אומשטענדען. אָבער זינט ער האָט איבערגעלעזען דאָס געוויסע ביכעל פון דעם דאָקטאָר „נעמימאַרוויס ד' קעיכים“, האָט ער גלייך אָפּגעשניטען אלע פארבינ־דונגען מיט זיין געליעבטער. וואָרים, וואָס טויג איהם א מיידעל? וואָס וועט ער מיט איהר טון? אז קושען זיך טאָר מען נישט צוליעב באצילען, ארומנעמען זיך איז אויך ניט ראטזאם, צוליעב דעם, וואָס מען ווערט אויפ־געגעגט, און דאָס הארץ הויבט אָן האסטיג קלאפּען, וואָס דער פון קאָן זיך, מיט דער צייט, לאנגזאם ענטוויקלען

א פלעצליכער האריץ־שלאַג אָדער אן אנז־ער אונגליק, צו וואָס דאַרף ער עס האָבען?

אָט דאָס זענען געווען די געדאַנקען פון לעמעשקע, דעם זוהן פון לעמעשקע, וואו ער איז געשטאַנען און וואו ער איז געגאַנגען, פון אלע דעכער און פון אלע פענסטער־שויבען האָבען צו איהם געוואונקען פינגער און געוואָרענט: „היט זיך לעמעשקע! זיי פאָרזיכטיג לעמעשקע!"

און דאָס לעבען איז איהם געוואָרען ענג, ווי דאָס וועסטעל אויף א אידישען סקיצען־שרייבער בעת ער קריגט די בשורה, אז מען געהט איהם איבערזעצען אין רוסיש...

און לעמעשקע'ס לאגע איז געוואָרען שווערער און פארצווייפעלטער פון טאָג צו טאָג. און גאָט ווייסט מיט וואָס פאר א שוידערליכען אונגליק די דאָזיגע געשיכטע וואָלט זיך געווען געענדיגט, ווען עס זאָל איהם ניט גע־ווען איינפאלען א זעלטענער געדאַנק. — היינו: אין א שעהנעם פריה־מאָרגען, בעת אלע אין זיין הויז האָבען נאָך געשלאָפען, איז לעמעשקע שטילערהייט אראָפּ פון'ם געלעגער, זיך אָנגעטון דעם שבת'דיגען פראק מיט'ן ברייטען קאפעלוש און ארומקוקענדיג זיך צי קיינער זעהט נישט, איז ער מיט'ן טשעמאדאן אין האנט ארויס פון שטוב און איז אוועק — אויף היינטיגען טאָג...

* * *

און אָט דאָס, מיינע פריינט, האָט איהם געראַטעוועט.

# אנ'אנדער סאָרט מענש

איך בין אן אנדער סאָרט מענש.

איך האָב פיינט שפּארען זיך מיט מענשען, אפילו דאַרטען, וואו איך וויים, אז איך בין אבסאָלוט גערעכט און יענער איז דורכאוים אומגערעכט.

איך האָב ניט האָלד ארויפצוצווינגען מיין מיינונג אויף א מענשען, אפילו דאַרטען, וואו יענער שטעהט גייסטיג נידעריגער פון מיר.

איך מעג זיך באריהמען, אז עס זענען שוין געווען פאלען, וואו מענשען האָבען מיך איינפאך רואינירט און איך האָב — געשוויגען.

געשוויגען און נישט גערעדט א וואָרט, נישט געזאָגט אפילו, אז מ'דארף עס נישט טון און ס'איז נישט קיין יושר.

איכ'ל ברענגען ביישפּיעלען:

אנומעלטען ביי נאכט כאפּ איך זיך אויף, דערזעה איך ווי לעבען מיין בעט שטעהט אן אונבאקאָנטער גנב, פון נידריגסטען טיפּ — נאָר זעהר א הויכער און גוט געבוים.

שטעהט לעבען מיין בעט, מיט'ן רעוואָלווער אין האנט און — הינטער איהם שטעהט נאָך איינער מיט א לאמטערענדעל, אויך א פרעמדער און אויך זעהר אן אטלעטישער יונגערמאן.

— גוט נאָוועמט! — זאָג איך — וואָס ווינשען די זשענטעלמיים?

— מיר ווינשען אייך צו באַ'גנב'ענען! האָט דער

מאָראַליש־געזונקענער גנב געענטפערט, מעהר מיט׳ן רע־וואָלווער ווי מיט עפּעס אַנדערש.

— און דער יונגערמאַן דאָרטען־אָ, מיט׳ן לאַמטע־רענדעל, וועט אייך העלפען?

— יעס. ער האָט אויך אַ רעוואָלווער. און טאָמער וועט זיין נויטיג שטעהט פון דרויסען נאָך איינער אַ באַ־ריהמטער מערדער.

טראַכט איך אַ ווײַלע מיט די הענט אין לופטען און זאָג:

— זשענטעללייט, איך׳ל זיך מיט אייך ניט שפּאַרען, צי איהר זענט גערעכט, צי איך. איצט איז איבערהויפּט ניט די צייט פאַר פריינטליכע דיסקוסיעס. אפשר שפּע־טער, דערווייל קאָן איך אייך זאָגען, אַז איך וועל זיך מיט אייך ניט איינרייסען, און אייך לאָזען גנב׳ענען ווי־פיעל איהר ווילט און ניט אכטענדיג דאַרויף וואָס איהר זענט מיר אבסאָלוט פרעמדע, רוף איך צו אייך אויס: פריינט, קוקט ניט דאַרויף וואָס איך בין אַ ביסעל בלאַס און סע ציטערען ביי מיר די הענט, נעמט וואָס איהר קאָנט — איך׳ל אייך אבסאָלוט גאָרנישט זאָגען, איך זאָל אפילו וויסען, אַז איהר׳ט מיך רואינירען.

אָט אַזאַ סאָרט מענשעל בין איך מיר!

אַ צווייטער פאַל וואָס באַווייזט אויף ווי ווייט איך בין פריינטליך און נאָכגעביג אפילו צו מיינע ערגסטע שונאים איז דער פאָלגענדער:

איך האָב זיך געליעבט אין אַ מיידעל. וואָס הייסט געליעבט? געליעבט הייסט אַז איך האָב נאָך איהר קראַפּירט. פּשוט אויסגעגאַנגען נאָך איהר ווי אַ ליכט. עס האָט געהאַלטען אַזוי ווייט, אַז איך האָב ביי זיך גע־האַט אָפּגעמאַכט אַז באַם, אויב זי וועט מיר אָפּזאָגען די ליעבע, וועל איך זיך אַראָפּוואַרפען ערגעץ פון אַ דאַך, צום שוואַרצען יאָהר.

אַזוי ווייט האָט עס געהאַלטען.

דארף מען שוין מעהר?

פונדעסטוועגען, אז עס האָט זיך געמאַכט, אז סע האָט זיך אין איהר איינגעליעבט א צווייטער בחור און ער האָט אָנגעהויבען אריינגעהן צו איהר, און איהר ברענגען בלו־מען מיט צוקערקעס מיט אַלע זאכען, האָב איך לאנג נישט געטראכט, נאָר איהם אָפּגעוואָרט לעבען איהר הויז און איהם אָנגעזאָגט:

— הער נאָר אויס, דו שמויטעפונע, דו לאפּאצאָן, אויב דו וועסט ניט אויפהערען ארויפצוגעהן צו מיין מיי־דעל, וועסטו זיך אויסריכטען א פינצטער יאָהר, דו פּאס־קודניאק!

אז ער האָט דאָס דערהערט, האָט ער לאנג ניט גע־טראכט און מיך געמאכט פאַר א... קאַליקע.

— עה! טראכט איך! אַז דו ביזט שוין יאָ אזאַ הי־צעל, אַזאַ מערדער, האָב איך דיך אין דר'ערד... וויל איך זיך גאָר נישט באַדערען מיט דיר... און איך האָב זיך צו־ריקגעצויגען.

**אָט אזא סאָרט מענשעל בין איך מיר!**

צי נעמט א שטייגער אזא פאַל:

איך געה ארום אָהן ארבייט און דארף א שטעלע נויטיג ווי ס'לעבען. קום איך אָן ערגיץ אין א שאָפּ, ביי מיין ארבייט, און אזוי ווי איך זעץ זיך נאָר אַוועק ביים מאַשין, קומט צו מיר צו א יונגערמאַן און מאַכט צו מיר:

— מיסטער, איך בין דער שאָפּ־טשערמאַן, און איך בין אייך מודיע, אַז איהר קענט דאָ נישט ארבייטען, ווייל איהר פאַרנעמט ס'פּלאַץ פון א יוניאָן־מאַן.

זאָג איך: איך פייף אויף אייער יוניע און מיט אייך אין איינעם.

זאָגט ער: מיסטער, מיר אַפּעלירען צו אייך אין נאָמען פון מענשליכקייט, דער מאַן אויף וועמענס פּלאַץ איז זענט

אנגעקומען ארבייטען, איז א טאטע פון זעקס קליינע קינ־דער און א קראנקער מענש.

זאג איך: נישט איך האב איהם געהייסען זיין אזא שטארק־באקינדערטער טאטע, און נישט איך בין שולדיג אין דעם וואס ער איז קראנק. פון מיינעט וועגען, זאל ער זיין געזונט ווי א גוי, און איך ארבייט מיר ווייטער.

אפגעארבייט דעם טאג, קומט צו מיר צו דער באס און מאכט צו מיר:

— מיסטער, איהר דארפט זיך נישט מטריח זיין קומען מארגען צו דער ארבייט... אייער ארבייט טויג נישט! איהר פיהרט נאר איבער גוטע פאדעם...

זאג איך: ס'איז דאך דער ערשטער טאג... מארגען וועט זיין בעסער — איהר'ט זעהן, גיט מיר א שאנס!...

מאכט ער צו מיר: איך וויל אייך ניט געבען קיין שאנס, און אט איז... די טיר.

און ער שטופט מיך ארויס, מיט א מין רציחה, אז מע'זאל גאר אפגעהיט ווערען!

אז איך בין שוין געשטאנען אין דרויסען, האב איך ביי זיך געטראכט:

נאך אלעמען איז דאך טאקע א גאט'ס רחמנות אויף דעם קראנקען אידען מיט די זעקס קליינע קינדער. לאז ער בעסער האבען דעם דזשאב, מיך וועט דער רוח נישט צונעמען.

אז איך האב געהונגערט אזויפיעל, וועל איך הונגערען נאך א פאר טעג. איך קאן נישט צוזעהן ווי יענער ליידעט.

אט אזא סארט מענשעל בין איך מיר!

# זעלבסטמערדער נומער 1

ס׳וועטער איז געווען פיין, וואָס פיין קען נאָר זיין. דער הימעל איז געווען — הימליש. די זון האָט געשיינט ווי — ווי זאָל איך אייך זאָגען? איהר האָט אמאָל געזעהן, ווי אזוי א זון טוט זיך א צושטראָל אויף זייטעל 214 פון א ראָמאן, בשעת דער העלד געהט שפּאצירען מיט זיין העלדינע? אָט אזא מין זון האָט געטון לייכטען אויף גאָט׳ס דינסטאָגדינגען הימעל. ווייל עס איז געווען דינ־סטאָג. שא. און אפשר האָבען מיר א טעות? — אפשר איז דאָס נאָר געווען מיטוואָך? אָדער דאָנערשטאָג? ריכטיג! עס איז טאַקע געווען דאָנערשטאָג. (אָנמערקונג: נאָך גוט וואָס מיר האָבען זיך געכאפּט אין צייט!) און — ווי מיר האָבען שוין פריהער באמערקט — איז דער טאָג געווען א ליטערער, א שעהנער, א וואונדערבארער. כאָטש מיט אונזער געשיכטע האָט עס נישט וואָס צו טון. מיר דערצעהלען עס גלאט אזוי פון פּינקטליכקייט וועגען. מיר וועלען נאָך צוגעבען, אז עס איז געווען דער ווארימסטער 24טער אויגוסט. פאר די לעצטע 18 יאָהר, מיט א לייכטען ווינט פון איסט־ריווער און א שוואך רע־גענדעל ארום פארנאכט. טעמפּעראטור 106. (אבראהאם לינקאָלן: „איהר קענט נארען איין מענשען אלע מאָל, איהר קענט נארען אלע מענשען איין מאָל, איהר קענט אָבער נישט נארען אלע מענשען אלע מאָל.“)

...אין אָט אזא טאָג איז יאָסעל ב., א יונגערמאן פון א יאָהר צוואנציג—דרייסיג, ארוים אין גאס און האָט הינטער זיך איבערגעלאָזען אלע פארגאנגענע טעג פון זיין אמאָליגער צוקונפט. נאָר איין קליין מאָמענטעל — א

שוואַרצס, אַ דערשלאָגענס, אַ נאַקעטס, אין הוילען העמ־דעל — איז איהם נאָכגעלאָפען פון הינטען און געשריי־גען: זעלבסטמאָרד! זעלבסטמאָרד! באַגעה זעלבסט־מאָרד!

— טאַקע? האָט יאָסעל ב. געפרעגט. — דו מיינסט עס ערנסט, אָ, דו טרויעריג געגנגעוואַרטעל מיינס?

— אבסאָלוט! — האָט געענטפערט דאָס נאַקעטע מאָמענטעל מיט די קרומע אויגען.

— וואָס איז דען דער מעהר מיט מיר? — האָט גע־פרעגט יאָסעל ב. — סע געהט מיר נישט גוט? צי איך בין, חלילה, עפּעס נישט געזונט?

—ביידע זאַכען! — האָט געענפערט דאָס מאָמענ־טעל. — אי דו האָסט נישט קיין פּרנסה, אי דו ביזט קראַנק, צעבראָכען, מיעד...

— אפשר אַ האָף טון אויף בעסערע צייטען? — האָט יאָסעל ב. געפּרואווט זיך אָפּבעטען ביי דעם פּעסימיסטי־שען מאָמענטעל. — אפשר אַוועקפאָהרען אין צענטראַל פּאַרק? — אפשר עפּעס אַן אנדער זאַך?

— הער אויף מיט דיינע רייד! — האָט זיך דאָס מאָ־מענטעל אַ כאַפּ געטון פאַר די אויערען. — כ'האָב פיינט, אַז מען רעדט פון האָפען, שמאָפען... ס'איז אַלץ נאַרישע רייד! האָסט שוין גענוג געהאָפט, אָה, מענשענזוהן! און איצט איז די העכסטע צייט דו זאָלסט זיך פּיהלען פאַרצווייפעלט. פאַרלאָז נישט די געלעגנהייט! אַזאַ שאַנס מאַכט זיך בלויז איין מאָל אין פופצעהן יאָהר!...

— וואָס דאַרף איך טון? — האָט געפרעגט יאָסעל ב. און אַ וואַרימער האָגעל האָט גענומען פאַלען פון זיינע אויגען.

— זעלבסטמאָרד! זעלבסטמאָרד! — האָט דאָס

בייזע מאָמענטעל גערעדט. — באַגעה זעלבסטמאָרד, עסטו זיך מחיה זיין !...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אַז יאָסעל ב. איז פאַרבייגעגאַנגען זיין היים האָט ער אַרויפגעוואָרפן אַ קוש צום פענסטער, זיך שטומערהייט געזעגענט מיט׳ן אַלטען צימבעל און מיט דעם נייעם זור־מער־קאַפּעליוש, וואָס איז געהאַנגען אויף דעם גאַז־רעהר, און ער האָט זיך פלוצים דערמאָנט, אַז ער איז שולדיג אין פאָלקס־ביבליאָטעק 8 סענט, פאַר די איבריגע פיער טעג, וואָס ער האָט געהאַלטען טאָלסטאָי׳ס צווייטען באַנד פון „קריעג און פרידען". און דאַן איז איהם געקומען אויפ׳ן זין די אַלטע היים, די געזעלבסטמערדערטע טעג פון זיין פאַרגאַנגענהייט, זיין מוטער׳ס אומפעהיגקייט צו באַקען קיכלעך, דער טייך פון זיין שטעדטעל, דאָס וויענער מיידעל וואָס פלעגט זיך דאָרט באָדען אין בלויזען פאַרטוך, די ליימיגע בערג, די ווינטער־פייערלעך פון די ציגיינער, די שטייף־קנאַקעדיגע אַנצוגען, וואָס ער פלעגט באַקומען אויף יעדען פסח און וועלכע זיינען געווען געמאַכט פון אַזאַ האַרטען שטאָף, אַז די פלודערען האָבען אַזש געקענט אַליין שטעהן, — דאָס אַלצדינג איז איהם איצט געקומען אויפ׳ן געדאַנק, איז איצט אָנגעפלויגען אויף זיין נשמה, ווי אַ מחנה נאַסע פייגעל מיט ווייכע שמאַטע־פליגעל, און ער האָט באַשלאָסען צו פאָלגען דעם צורוף פון דעם פעסימיסטישען מאָמענטעל. וואָס איז איהם נאָכגעלאָפען פון הינטען און געשריגען: זעלבסטמאָרד! זעלבסטמאָרד!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

ער איז געבליבען שטעהן פאַר דער טיר פון אַ פאַון שאַפּ, אונטער דעם באַקאַנטען סימבאָל פון די דריי באַלען, און ער האָט געקוקט. אין שוי־פענסטער פון דעמראָזיגען געשעפט זיינען געלעגען אַלערליי רעוואָלווערען — קלענערע, גרעסערע, בעסערע, שענערע, מיאוסערע.

— אויב שוין קויפען א רעוואָלווערל אויף צו באַ־
געהן זעלבסטמאָרד, איז כאָטש א ג ו ט ס, מיט א ביי־
נערען הענטעל! — האָט געטראַכט יאָסעל ב. — איך
האָב פיינט די ביליגע רעוואָלווערלעך, וואָס אַז דו שיסט
מיט זיי אָפּ א יאָהר—צוויי ווערען זיי קאַליע און מען מעג
זיי ארויסוואַרפען!...

און ווייטער האָט ער געטראַכט:

— זיך נעמען ס'לעבען מיט א ביליג רעוואָלווערעל,
האָט נישט קיין זין!... נישט אַלע טאָג נעמט זיך א מענש
ס'לעבען. און א דאָלאַר אָדער צוויי שפּיעלט נישט קיין
ראָלע. דער עיקר, עס זאָל זיין מיט א שעהן הענטעל —
מיט א ביינערנס.

יאָסעל ב. האָט זיך א טאַפּ געטון ביי דער צפון־זייט
פון זיינע הויזען, ארויסגענומען פון דאָרטען די סומע פון
פיער דאָלאַר מיט פינפאונפערציג סענט, וואָס דאָס איז
געווען זיין גאַנץ פאַרמעגען, האָט עס צוריק אוועקגעלעגט
אויפ'ן אָרט און איז אריין אינוויינינג — קויפען דאָס
רעוואָלווערעל.

— גוט מאָרגען.

— גוט יאָהר. וואָס ווענט איהר זאָגען גוטס?

— פאַראַן ביי איהן עפּעס א גוט שיסערעל, מיט א
פערלמוטערן הענטעל?

— פאַראַן.

— אמת'ע פערלמוטער, צי  ג ע נ א ר ט ע?

— אמת'ע פערלמוטער!

— טאַקע?

— אזוי זאָל מיר גאָט העלפען, ווי דאָס איז אמת'ע
פערלמוטער... איך'ל זיך נישט געהן שווערען אומזיסט,
צוליעב אזא זאַך. אָט איז א רעוואָלווערעל מיט א זעלטען
הענטעל. אימפּאָרטירט פון דער שווייץ. גיט עס א טאַפּ־
אָן. נעמט עס אין דער האַנט אריין, מיסטער. האָט נישט
קיין מורא...

— סע שיסט?
— אודאי שיסט עס! וואָרעט, סע שיסט נישט? אזא גרויס שטיק גאָלד זאָל איך האָבען, ווי גרויס סע שיסט.
— און דאָס הענטעל איז טאקע אן אימפּאָרטירטס?
— אן אימפּאָרטירטס.
— קיין שעהנערען רעוואָלווערעל האָט איהר נישט?
— איהר דארפט נ אָ ך א שעהנערס? ד אָ ס איז וועניג שעהן?... ס׳איז דאָך אן אתרוג׳ל, נישט קיין רעוואָלווער.
— איהר מיינט אזוי?
— איך מ י י ן נישט. ס׳איז ביי מיר זיכער, ווי ס׳איז זיכער, אז מיר האָבען א גאָט אויף דער וועלט! וואָסטיר געבען דערפאר? לאָמיר הערען?
— וואָס ו ו י ל ט איהר דערפאר?
— פינף מיט א קוואָדער.
— איז נישטאָ וואָס צו ריידען. אויב איהר ווילט פיער דאָלאר וועל איך אייך געבען!
— אויף מיין וואָרט, אז איך ק ע ן נישט! פאר פיער דאָלאר קען איך אייך געבען א רעוואָלווער מיט א פליין הענטעל, נישט קיין ביינערנס.
— איז נישטאָ וואָס צו ריידען.
— איז נישטאָ וואָס צו ריידען.
און יאָסעל ב. איז אוועק.
אין דרויסען איז ער געבליבען שטעהן פאר׳ן פענסטער, באטראכט דאָס זעלטענע שיסערעל מיט דעם גלאַנציגען בלאָה־גרויען, פערלמוטערנעם הענטעל און נישט געקענט אוועקגעהן דערפון. עס האָט איהם געצויגען צו דעם אימפּאָרטירטען הענטעל פון דער שוויייץ.
— א שאָד! א שאָד! — האָט ער גערעדט צו זיך אליין. — אזא רעוואָלווערעל. ווען איך האָב, גיב איך מיך א שיס און... נענוג, און איך בין פּטור פון דעם גאנצען יאָמערטאל מיט אלע זיינע פריידען און לײדען!

עטליכע שעה האָט זיך יאָסעל ב. ארומגעדרעהט אין גאס — נישט אהער נישט אהין. עס האָט איהם געצויגען צו דעם פרישען ביסעל זעלבסטמאָרד. אָבער נאָך מעהר ווי צו זעלבסטמאָרד, האָט איהם געצויגען צו דעם שעהנעם הענטעל פון דעם רעוואָלווער...

אז ס׳איז געוואָרען נאכט איז יאָסעל ב. אוועק אהיים, אָפגעגעסען נאכטמאָל, זיך געלעגט שלאָפען און נישט פארגעסען אָפען־צו־לאָזען די אויבערשטע טייל פונ׳ם פענסטער.

אינדערפריה, אז ס׳איז נאָר טאָג געוואָרען, האָט ער זיך אויפגעכאפט, אָפגעטרונקען די גוטע קאווע מיט שמאנט און איז אוועק צום פאון־שאפּ.

— נו, וואָס הערט זיך? וויפיעל ווילט איהר פאר דעם רעוואָלווערעל?

— פינף מיט א קוואָדער. אן עק: זאָל זיין פ י נ ף! נישט ווענינגער א פעני!

פיער און א האלב גיב איך אייך. קעש געלט.

— ווייס איך וואָס איהר רעדט!

— ער׳ט בעסער ווערען — האָט געטראכט יאָסעל ב.

— א פערטעל דאָלאר האָט ער שוין אראָפּגעלאָזט. מען דארף זיך נאָר נישט איילען.

און ער איז אוועק אהיים.

אין א וואָך ארום, אז יאָסעל ב. איז צופעליג פארביי־געלאָפען דעם פאון־שאפּ, האָט ער זיך דערמאָנט, אז ער וויל זיך נעמען ס׳לעבען, און ער איז אריין אינוויינינג.

— נו, וואָס הערט זיך?... איהר האָט נאָך דאָס רע־וואָלווערעל מיט׳ן פערלמוטערנעם הענטעל?

— מאָמיר נאָך!

— וואָס וועט עס קאָסטען?

— כ׳האָב דאָך אייך געזאָגט! פינף דאָלאר. דאָס איז דער לעצטער פרייז.

— פיער מיט 75 וועט איהר נישט נעמען?

— אפילו נישט 4 מיט 99!

— אידישע ביזנעס! — האָט יאָסעל ב. א טראכט געטון. — כלומרשט ער וויל נישט נאָכלאָזען... אָבער ער וועט בעסער ווערען. מע'דארף זיך נאָר נישט איילען.

און ער איז אוועק.

אין א צוויי חדשים ארום איז יאָסעל ב. ווידער פאַר־ביינעלאָפען דעם פאון־שאפ. האָט ער זיך ווידער דער־מאָנט, אַז ער וויל באגעהן זעלבסטמאָרד, ווייל דאָס לע־בען איז פוסט און הויל און נאריש און הכל הבל... און — ער איז ווידער אריין דינגען דאָס רעוואָלווערל.

— וואָס הערט זיך מיט יענעם רעוואָלווערל?

— שוין פארקויפט!

— טא־קע? איז יאָסעל ב. שיעור נישט אומגעפאַ־לען פון יסורים.

— וואָרען? איך'ל ווארטען פאר אייך?

— א שאָד! א שאָד! — האָט יאָסעל ב. געטראכט.

— געוועזן באראפט איהם געבען נ אָ ך א קוואָדער און אַן עק... איצט — האָט ער ווייטער געטראכט אויף א גאליצישען אידיש — וועל איך שוין ל י י ד ע ר נ אָ ט ע ס מוזען בלייבען לעבען!... ווייל איך'ל זיך נישט צופאסען קיין לייטישען רעוואָלווער... די אמערי־קאנישע רעוואָלווערען, מישטיינס געזאָגט! אָהן חן, אָהן געשמאק, אָהן אלצדינגג... און אַז מע'שיסט דערמיט אָפּ אַ יאָהר מעג'ן עס ארויסווארפען. אַז אָנצינדרען — האָט ער געטראכט — זאָל זיך אמעריקא מיט איהרע רעוואָלווע־רען! און א פייער — האָט ער געטראכט — זאָל קומען אויפ'ן קאפיטאליסטישען קלאַס!... דערפאר וואָס ז י י האָבען כל ה'וואוילטאָגען, און מיר קענען זיך אפילו נישט פארגינען זיך צו דערשיסען איינמאָל אין עטליכע יאָהר

מיט אַ לייטיש רעוואָלווערל, וואָס איז אימפּאָרטירט פון דער שווייץ. פאַרברענט זאָלען זיי ווערען!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

...היינט האָט יאָסעל ב. אַ ריזיג געשעפט פון היל־צערנע צײנשטעכערס, פאַרמאָגט אַ פּיאַנאָלאַ, אַ פרוי מיט צוויי קליינע... הינטלעך, אַן אויטאָמאָביל, אַ גאַנג מיניקעס־יום־טוב־בלעטער, דריי פּאָר ווייסע פלאַנעלענע הויזען, אַן אויסגעשניטענעם אפּענדיק, אַ געליעבטע אין די בראָנקס, אַ מיינונג איבער'ן פּאַנאַמאַ־קאַנאַל, צוויי טעלעפאָן־דירעקטאָרים, אַן אויל־בילד פון פּרעזידענט מ'קינלי, פינף קאַשקעטען, אַ שווינגער, אַ „סעפּטעמבער־מאָרגען", אַ בערשטעל אויף צו פּוצען די נעגעל, אַ שמאָל רעקעל מיט קעשענעס אין דער זייט און אַ פאָנאָגראַף מיט אַלע ליעדער פון אידישען טעאַטער...

און ער איז דער גליקליכסטער, דער לעבעדיגסטער, דער פרישסטער זעלבסטמערדער, וואָס מיר האָבען ווען־עס־איז געזעהן!

## זעלבסטמערדער נומער 2

ער איז געווען יונג, ער איז געווען נאריש, ער איז געווען פארליעבט.

זיין ליעבע איז געווען א טיפע. זיין ליעבע איז געווען אן ערהאבענע. זיין ליעבע איז געווען א פלאמפייערדיגע. און אליין האט ער געהייסען הימעלפעלד, אדער עפעס אן אנדער נאמען, וועלכען מיר קענען איצט נישט אויסטראכ־טען, ווייל עס איז צו היים אין דרויסען.

אלזא בלייבט עס הימעלפעלד.

אז הימעלפעלד — ערשטער נאמען: שמואל — האט דערפיהלט, אז ער איז פארליעבט, שטארק, טיף און אונ־געהויער, האט ער זיך מישב געווען: וואס וועט ער טראַ־גען זיין טיפע ליעבע אין זיך? ער קען זי נאך חלילה פארלירען. מען קען זי נאך ביי איהם צו׳גנב׳ענען. און ער וועט בלייבען אהן ליעבע און אהן אלעמען.

כדי צו פארהיטען דאסדאזיגע אומגליק, האט זיך שמואל הימעלפעלד מישב געווען: ווייסטו וואס? ער וועט נעמען — טאקע מיט ד ע ר ז ע ל ב ע ר ליעבע וואס ער טראגט אין זיין הארצען — און זיך פארליעבען עפעס אין א מענשען פון אדרבא — דעם געגענזעצטען געשלעכט. „אלץ איינס“ — האט ער געטראכט — „האב איך שוין די פלאמפייערדיגע ליעבע, וועל איך זי אויסנו־צען אויף עמיצען, און לאז זיך טון וואס סע וויל!“

כך הוא. אונזער שמואל הימעלפעלד האט זיך פאר־ליעבט אין א מיידעל, האט איהר אנגעטרויט זיין טיפע ליעבע, און אין לבנה׳דיגע נעכט, ווען די גאנצע וועלט

איז חתן־בחור׳יש־בלאָס און נאַרישליך — פּלעגט אונזער שמואל הימעלפּעלד קריגען מוט און אַריינבּרענגען איהר האַנט אין זיינע און איהר איבּערצעהלען די פינגער בּיז פינף און — צוריק, און ווידער בּיז פינף און ווידער צוריק. די דאָזיגע ווילדע אָרגיען פון צעהלען די פינגער, זענען געווען באַגלייט פון אַ טיפען אַריינקוקען אין דער גע־ליעבּטער׳ס אויג. דערבּיי פלעגט ער כמעט צולעגען זיין רעכטען אויג צו איהר לינקען, אַ גלעט טון איהר באַק מיט זיין נישט־געראַזירט פּנים, און מיט די אַנדערע (איינציגע) אויגען פלעגען זיי ביידע אַוועקקוקען אין דער פריק־רער ווייטקייט, וואָס האָט זיך געצויגען ספּעציעל פאַר זיי.

דאָס צעהלען די פינגער איז אָבער געווען אַ זאַך, מיט וועלכער די צוקינפטיגע מאַדאַם שמואל הימעלפּעלד האָט זיך נישט צופרידענגעשטעלט. זי האָט געוואָלט מעהר ליעבעס־אויסדרוק, זי האָט געוואָלט מען זאָל זי אויסנע־מען פון צייט צו צייט. זי האָט פאַרלאַנגט און געוואונ־שען און געטופּעט מיט איהר שיכעל, נומער 8, אָבער עס האָט נישט געהאָלפען. שמואל הימעלפּעלד איז געווען צופיעל פאַרנומען מיט צעהלען די מיידעלשע פינגער בּיז פינף און — צוריק. די דאָזיגע אַרבּייט האָט ער געטון מיט פלייס, מיט פּינקטליכקייט, מיט אַלצדינג. און כדי דעם מיידעל זאָל נישט ווערען לאַנגווייליג, פלעגט ער נאָכדעם ווי ער איז פאַרטיג געוואָרען מיט די פינגער פון איין האַנט, זיך נעמען צו דער צווייטער. דערבּיי פלעגט זיין גרויס, פישיג אויג, ליגען כמעט אויף איהרען, און ער פלעגט עפּעס מורמלען שטילערהייט פרעמדע, הימעל־ווייטע, אומפאַרשטענדליכע ווערטער.

האָט איהם דאָס מיידעל אַוועקגעוואָרפען.

און אַז שמואל הימעלפּעלד האָט געזעהן, אַז זיין מיי־דעל נעמט איהם אָן ביים גייסטיגען „הענגער" און וואַרפט איהם אַוועק — נאָכדעם ווי ער האָט פאַר איהר אַזוי פיעל געטון, נאָכדעם ווי ער האָט אַזוי פלייסיג גע־

צעהלט די פינגער פון איהרע הענט (אינאיינעם האָט עס שוין געהאלטען ביי אנדערטהאלבען מיליאָן!) און נאָכ־דעם ווי ער האָט איהר כמעט אינגאנצען ארויסגעקוקט דאָס לינקע אויג, איז ער געוואָרען פארצווייפעלט, מרה־שחורה׳דיג, אָפּגענארט, פארביטערט און ער האָט באשלאָ־סען:

— פון היינטמאָל אָן — מעהר נישט א קוק טון אויף א פרוי! און כדי זיך אביסעל צו פארטרייבען די ביטערע געדאנקען און כדי ער זאָל נישט דארפען טראכטען פון דער גאנצער געשיכטע, האָט שמואל הימעלפעלד גענומען לייענען א צייטונג. אָבער, אך! אין דערזועלבער צייטונג איז געווען געדרוקט א בילד פון עפּעס א מיידעל, וואָס איז אנטלאָפען פון דער היים, און וואָס מ׳ווייסט נישט וואו זי איז.

אז שמואל הימעלפעלד האָט דאָס דערזעהן, איז ער געוואָרען אויפגערעגט און אויסגערופען: „פארברענט זאָלען זיי ווערען! אומעטום זענען זיי דאָ!“ און באַ־שלאָסען נישט מעהר אריינצוקוקען אין א צייטונג, אָנ־שטאָט דעם וועט ער זיך בעסער פאררויכערען די ליולקע און אזוי ליגען רוהיג אויפ׳ן בעטעל און רויכערען.

ער האָט זיך געמיטליך ארויסגענומען פון דער הינ־טערשטער הויזענקעשענע א בלעכען שאכטעל מיט טאַ־באַק, און זיך געוואָלט אָנשטאָפּען די ליולקע. אָבער פּלו־צים — זעהר פלוצים האָט ער באמערקט, אז אויפ׳ן בלע־כעל מיט טאבאק איז פאראן א בילד פון א... מיידעל.

— נישט אויסצוהאלטען פון זיי! — האָט שמואל הימעלפעלד אויסגערופען אינוועניג ביי זיך, אויף א הויך קול — נישט אויסצוהאלטען פון זיי... אומעטום זיינען זיי דאָ. וואו מען גיט זיך א ריהר.

שמואל הימעלפעלד האָט צוריק אריינגעלעגט די ליול־קע אין קעשענע און מעהר נישט פאררויכערט. עס איז איהם שוין נישט געלעגען אין זינען. ער איז געווען פאר־

ביטערט. דערשלאָגען. ער האָט נישט געוואוסט וואו זיך אהינצוטון פון די פרויען וואָס האָבען, ווי איהם האָט זיך אויסגעדאכט, פארכאפּט דעם גאנצען ערדקוגעל.

ער איז אראָפּ אין גאַס און דאָס ערשטע אויף וואָס זיין בליק איז געפאַלען (אויב א בליק קען איבערהויפּט פאַלען!) איז געווען א ריזיגער טעאַטער־פּלאַקארד מיט א בילד פון דער פּרימאַדאָנאַ, וואָס שטעהט און שמייכעלט און שמייכעלט און — הערט נישט אויף צו שמייכלען אפילו אויף א מינוט, ווי עס איז די טבע פון דאַמען וואָס שמייכלען אויף טעאַטער־אַפישען...

— ווידער א פרוי! — אומעטום זענען זיי פול. נישט אויסצוהאַלטען פון זיי — האָט געטראַכט שמואל הימעלפעלד, און עס האָט איהם גענומען שווינדלען פאר די אויגען, און ער האָט דערפיהלט, אז ער פאַלט. — — —

אז ער איז געקומען צו זיך, האָט ער דערזעהן ווי עס שטעהט לעבען איהם א מיידעל אָנגעטון אין ווייסען און — הייסט איהם „נעמען א לעפעל“.

שמואל הימעלפעלד האָט גענומען דאָס לעפעלע מיט מעדיצין, נאָך אמאָל א קוק געטון אויף דער מיידעל אין ווייסען און — זיך געהייסען געבען זיינע קליידער, ער וויל געהן אהיים, ער וויל דאָ נישט בלייבען. עס איז איהם גאָרנישט. ער איז געזונט.

אין א האַלבער שעה ארום איז ער געשטאַנען אין שאָקעלדיגען דרויסען און זיך ארומגעקוקט. עס איז גע־ווען נאַכטיג. אויפ'ן הימעל איז געווען ארויסגעשטעלט גאָט'ס שטענדיגע לבנה. און אז הימעלפעלד האָט אויף איהר א קוק געטון, האָט זיך איהם געדוכט, אז די לבנה האָט א גלאַט, מיידליש פּנים, מיט חן־גריבלעך און אז זי שמייכעלט אראָפּ מיט א בלאַס חוזק־שמייכעלע אויף דעם גאַנצען מאַנסבילישען געשלעכט.

הימעלפעלד — אונזער באַליבטער הימעלפעלד — האָט שוין מעהר נישט געקענט אויסהאַלטען... „די גאַנצע

וועלט איז פּאַרוויַיבערט" — האָט ער געטראַכט — „אומעטום וואו מען גיט זיך אַ ריהר איז ענטוועדער אַ פרוי, אָדער אַ מיידעל... און פאַר דעם אמת'ן מאַנס־ביל, וואָס וויל אָפּלעבען אַלע זיינע יאָהרען אַלס מאַנס־ביל, איז נישטאָ קיין אָרט, וואו ער זאָל זיך אַהינטון..."

ש. ה. האָט זיך אויסגעטונקען אַ טרעהר פון דער באַק (פאַרכאַפּט, הייסט דאָס, די דאָזיגע טרעהר, איידער זי איז אַראָפּגעפאַלען אויף דער ערד), דאַן האָט ער, אויף דעמזעלבען אופן, פאַרכאַפּט אין צייט נאָך עטליכע פרישע, ערשט־אויסגעוויינטע טרערען, האָט נאָך אַמאָל אַ קוק געטון צו דער שמייכעלדיגער לבנה מיט דעם גלאַ־טען ווייבערשען פּנים און ער האָט באַשלאָסען אַז עס איז אַ גרויס רחמנות וואָס ער דאַרף נעבאַך געהן פון דער וועלט יונגערהייד, אין מיליטער־עלטער. אָבער ס'איז פאַרפאַלען.

הימעלפעלד האָט זיך געלאָזט געהן אין דער ריכטונג פון אַן אַפּטייק, באַלד איז ער געשטאַנען לעבען שויַ־פענסטער אין וועלכען עס איז געווען אויסגעשטעלט אַלער־ליי כירורגישע זאַכען און מעדיצינען, און צווישען זיי אַלע איז געזעסען אַ מיידעל מיט לאַנגע צעפּ און דעמאָנסטרירט ווי אַזוי דאָס „ווענוס האַרמיטעל", וואָס קאָסט בלויז $1.25, טוט אויף וואונדער שבוואונדער, און — די גאַנצע גאַס פרויען זענען געשטאַנען אויף דער דרויסענדיגער זייט פון'ם זעלבען שויפענסטער און — זיך צוגעקוקט...

— אומעטום זענען זיי דאָ... אַזוי ווי די היישע־ריקען — צום גוטען יאָהר! — האָט הימעלפעלד אַ זאָג געטון צו זיך זעלבסט, געטון אַ טיעפען זיפץ און איז אַריין קויפען אַזאַ מין סם, אויף צו נעמען זיך ס'לעבען.

ביי דער אַפּטייק־וואָג איז געשטאַנען אַ מיידעל אָנ־געטון אין וויים־פּאַפּירענע מאַנזשעטען, און איהם גע־פרעגט וואָס ער וויל. הימעלפעלד האָט אָנגערופען דעם נאָמען פון דעם גיפט, אַ טראַכט געטון „ווידער אַ פרוי",

און מיט אַ כלומר'שט רוהיגען קול האָט ער זיך געהייסען פאַרקויפען דעם דאָזיגען גיפט.

אַז ער איז אַרויסגעקומען מיט דעם פלעשעל סם, האָט ער פאַרזיכטיג ביים שיין פון אַ לאַמטערן אַ קוק געטון אויפ'ן צעטעל, כדי צו זעהן צי דאָס איז דער ריכ־טיגער סם. אָבער אַך, וואָס האָבען זיינע אויגען געזעהן? זיינע אויגען האָבען געזעהן, אַז אויף דעם צעטעל וואָס איז געווען אָנגעקלעפּט אויף דעם פלעשעל איז געווען ס'ביל־ד פון אַ שמייכעלדיג מיידעל — פון אַ מיידעל וואָס שמייכעלט רוהיג אויף זיין אונטערגאַנג, אויף זיין אומגליק.

— זאָל געהן אין דר'ערד דער סם מיט אַלעמען! — האָט שמואל הימעלפעלד פון זיך אַ שליידער געטון ס'פלעשעל, — אומעטום וואו מען גיט זיך אַ ריהר־צו געפינט מען אַ פרוי... דער גאַנצער ערד־קוגעל איז אָנגע־פילט מיט זיי. אפילו אויף די פלעשלאַך סם זענען זיי אויך פאַראַן!

— — — — — — — — — — — — — — — —

און שמואל הימעלפעלד — (וועלכער איז געווען אַ שטיקעל דענקער), — האָט באַשלאָסען, אַז אַזוי — צי אַזוי, אין לעבען צי אין טויט, אין גאַנצען פּטור ווערען פון דער פרוי קען מען נישט.

און שמואל הימעלפעלד איז געבליבען אונגעהויער לעבען, ביז צום היינטיגען טאָג!...

## איינער דערצעהלט —

מיין נאָמען איז ישראל לעווין. איך בין א ניעדריג־געוואַקסען מענשעל מיט א שוואַכען כאראַקטער. פארהייראַט בין איך נישט — כאָטש איך בין זעהר מקנא דאָס פאַמיליען־לעבען. די אורזאַכע איז א גאַנץ איינפאַכע: איך בין א שטיקעל משוגענער. אז איך פאָהר מיט'ן עלעוויטאָר דוכט זיך מיר אלץ, אז אָט, אָט קערט ער זיך איבער און איך זיץ אימער אויף דער זייט, וואו עס זענען פאראַן וועניגער מענשען, כדי עס זאָל נישט אריבער־וואַזשען. פיעל מאָל ווען איך שטעה לעבען דער „לעבעדיגער רעלסע" אין סאָבוויי שטופט עס מיך עפּעס ווי מיט געוואלד איך זאָל דאָס אָנריהרען מיט דער האַנט. און אז איך האלט זיך איין פון צו טון עס, איז עס מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג.

געלערענט האָב איך א סך. און גרינטליך געלערענט און טיעף געלערענט. בין גענוי באקאַנט מיט פיעלע פילאָזאָפישע סיסטעמען — אלטע און נייע. האָב שטודירט פארשידענע וויסענשאפטליכע ענינים. געלערענט פּאָליטישע עקאָנאָמיע. געגריבעלט זיך אין דער שעהנער ליטעראַטור, געקאָנט א סך קלאסיקער אויף אויסווענדיג, און פון דעם אלעמען — בין איך אויסגעוואַקסען א קראַנקער און אוננוצליכער מענש.

מיין באהויפּטונג: וואָס מעהר דו ווייסט — אלץ וועניגער פארשטעהסטו. דאָס וויסען איז דער שטראָם און דאָס ניט־וויסען איז דער קוואַל פון וועלכער דער שטראָם געהט.

איך פאַרגלייך אויך דאָס וויסען צו קליינע רעטונג־שיפּ־לעך אין אַ האַפען. שטעלסטו אָן צופּיעל שיפלעך קענסטו זיי נישט באַוועגען אין צייט ווען דו נויטינגסט זיך אין זיי. אָנפּלאַנצען אין קאָפּ צופּיעל געדאַנקען, הייסט שטעלען אין געפאַהר דאָס לעבען פון יעדען געדאַנק. דען אויך געדאַנקען זענען פאַראַן לעבעדיגע און טויטע.

מיינע זענען טויטע געדאַנקען.

די אַלטע אמת׳ן, זאָג איך, ישראל לעווין, האָבען שוין זייער פּרוכטבאַרקייט פאַרלוירען — פון בלויזער אַלטקייט. און די נייע אמת׳ן — זענען נאָך קליינע קינדער, האָב איך זיך פיינט מיט זיי צו שפּיעלען. איך האָב אַליץ מורא זיי וועלען מיך פאַרשמירען.

אַ מאָל בין איך געוועזן פאַרליעבט. סאַ געלעכטער! אַ געלערנטער מענש — פאַרליעבט זיך מיט אַ מאָל אָן אַ באַשעפעניש וואָס אונטערשיידעט זיך פון איהם בלויז מיט אַ קליינינקייט, און עס האָט נישט אפילו דעם אינטערעס פון אַ שטודיום.

מאָדנע!

מילא. איך האָב זיך פאַרליעבט. אָן וועמען מיינט איהר, למשל? אין אַן אַלטער דאַמע מיט גרויע האָר. זאָל איך אַזוי זיין געזונט, ווי איך זאָג נישט קיין ליגען!

איך האָב זי דערזעהען אין פּאַרק. פאַרנאַכט. אַ פויגעל דאָ און דאָרט. אַ משוגענע קאָמבינאַציע פון ליכט־פאַרבען. און שלאַנקע איידעלע בוימער — האַלטען די הענט אויסגעשפּרייט און ווילען עמיצען כאַפּען. זי איז געזעסען אויף אַ באַנק מיט׳ן בינאָקל אין האַנט און גע־לעזען אַ טויטען־רשימה אין אַ צייטונג. איהרע האָר זענען געוועזן אַזוי אַריסטאָקראַטיש־גראָה. איהר פּנים צאַרט, אַביסעל געדרויטעלט און פיין־געקנייטשט פון פיעל מאַסאַזשירען.

— ליעבע, אַלטע דאַמע! — האָב איך זי אַדרעסירט
— ליעבע אַלטע דאַמע, איך, דער יונגערמאַן, ישראל

לעווין, האָב איך ליעב אויף אַן אמת. קיינע אָנשטעלען. זאָ וואהר מיר גאָט העלפט! און איך האָב זי ארומגע־נומען און גענומען קושען איהרע קאַלטע ליפּען.

...עס איז ארויסגעקומען א סקאַנדאַל. ז י האָט נישט געוואָלט. זי האָט געמיינט, אַז איך בין נישט ביי די ריינע געדאַנקען. נאָך איהר מיינונג האָב איך זיך באַ־דאַרפט פארליעבען אין אַן אונשולדיג מיידעל — ווי מיין טאַטע ע"ה האָט געטון. אַזוי פיהרט זיך די וועלט. איך טראַכט אָבער אַנדערש. איך טראַכט: אַז די וועלט איז מיין שונא — וויל איך איהר טון אויף צו־להכעיס.

אזא געדאַנק ביי מיר!

דערנאָך — איך מיש, דאַכט זיך איינס מיט ס'אַנ־דערע, נאָר ס'מאַכט נישט! — דערנאָך, האָב איך גע־קראָגען א באַשטעלונג פון א באַקאַנטען זשורנאַל. איך האָב באַדאַרפט שרייבען וועגען דער שעדליכער ווירקונג פון אַלקאָהאָלישע געטראַנקען. אַז איך נעם אונטער א זאַך, האָב איך עס ליעב צו טון גרינטליך. האָב איך אַליין געוואָלט אויסגעפינען די באַרוישענדע ווירקונג פון די גיפטיגע משקאות. איך זאָל עס קאָנען באַשרייבען מיט גענויקייט —ווי עס פאַסט פאַר א מענש וואָס איז איבערגעגעבען דער וויסענשאַפט.

ביז דעמאָלט האָב איך קיינמאָל נישט געהאַט גע־טרונקען קיין שאַרפע געטראַנקען. איך האָב עס באַטראַכט פאַר א שעדליכע זאַך. א מענש דאַרף ליידען, און וואָס מ ע ה ר וואָס ט י ע פ ע ר ער ליידט אַלס מענשליכער ווערט ער...

מיין אייגענע אַנשויאונג!

איך אַליין בין צו זיך זעהר שטרענג!

אָפּטמאָל באַליידיג איך זיך ווי דעם ערגסטען און פּאַטש זיך זאָגאַר אָן די באַקען.

נאָר איצט איז עס געוועזן א פראַגע פון עהרליכקייט. א ריינע פּען האָב איך תמיד געהאַט, כאָטש ס'מויל איז

ביי מיר שמוציג. די מייסטע שריפטשטעלער זענען אזוי.

בין איך אוועק אין א שענק און — גענומען א גלעז־זעל בראנפען. פע! א מאָדנער טעם. אזוי האָב איך טאקע פארשריבען אין מיין נאָטיץ־ביכעל. האָב איך געפּרובט נאָך א גלעזעל — איז שוין געווען בעסער. א ווארימקייט אין די אינגעווייד. א שטילע פרעהליכקייט. האָב איך געפּרובט נאָך איינס און נאָך איינס א. ז. וו. בין איך געוואָרען אויפגעמונטערט, לייכט... האָב גע־וואָלט אָפּקויפען ביים שענקער דאָס גרויסע בילד, וואָס איז געהאנגען אויפ'ן וואנט איבער'ן בופעט. איהם אָנ־געבאָטען עלף טויזענד דאָלאר א חוץ פּראָצענט אויפ'ן געלט. דריי און א האלב פּראָצענט האָט ער נישט געוואָלט. האָב איך איהם ארומגענומען און ווארים געקושט — אזא ליבליכער מענש דער קעלנער! אזוי גיך ווי איך קריג אריין דאָס געלט פון מיין ירושה — גיב איך איהם איבער דעם שליסעל. און — ס'איז מאָדנע! אנדערע אז זיי טרינקען ווערען זיי שכור און הויבען אָן פאלען פון די פיס. איך בין, ווייזט אויס, גאָר אן אנדער מין מענש, איך האלט זיך פעסט ווי אייזען. נאָר די פּאָדלאָגע איז עפּעס אזא ווייכע ווי פון גומי. צו וואָס מאכט מען אזעל־כע ווייכע פּאָדלאָגעס? נאָר מסתמה איז א שכל דערביי. יעדענפאלס — אויב חתונה האָבען איז מיט'ן שענקערס פרוי. איך האָב זייביידען מאָדנע ליעב. און די פינקעל־דיגע בריליאנטען וואָס זענען די גרוים ווי גלעזער — גיב איך איהר אלע אוועק. העי, קעלנער, קום אהערצו מיט'ן טאץ און נעם צו די בריליאנטען, איידער זיי צעשימען זיך. איך שריי נישט. אדרבה, איך רעד זעהר שטיל. איך וויים נישט פאר וואָס — נאָר עפּיס שעהם איך זיך הויך רעדען. נאָך זעהר חידוש'ט מיך, וואָס מען נעמט מיך ארום פון ביידע זייטען און מען וויל מיך אנידערלעגען. וואָס פאר א שלעכטס האָב איך דען עמי־

צען געטון? איך, ישראל לעווין, וועל זיך נישט לאָזען בשום אופן — כאָטש איך בין א דערשלאָגענער מענש און א גרויסער שוועכלינג! היינטיגעם מאָל וויל איך זיי ווייזען, אז זיי זאָלען נישט מיינען דאָס־ע — — — —

זיי זאָלען נישט מיינ־ען. זאָלען זיי נישט. אזעלכע סמארקאטשעס א־ז־ע־ל־כ־ע!!

# קיילעבייל ב.

די שוועסטער פון יאָסעל ב.

קאַפּיטעל איינס

איך בין אַן עלטערער בחור און וואוין צוזאמען מיט מיין חבר מיצעלמאַן אין א שעהן צימער פאר צעהן דאָלאר א חודש — מיט באלייכטונג.

ער איז א יונגער ארטיסט, מאָהלט אלערליי אימפּרעסיאָניסטישע בילדער, וואָס איך בין אויף זיי נישט קיין מבין, נאָר איך שעץ זיי אָבער זעהר הויך — דערפאר ווייל איך ווייס זיי נישט ווי אזוי אָפּצושאַצען. זיינס א קעלביל קאָן — פון א נישט מבין — גענומען ווערען פאר א בארנבוים און — פארקעהרט.

אזא מין סאָרט קינסטלער איז ער.

זיך אליין דארף איך דאָך נישט פאָרשטעלען פאר אייך, ליעבע לעזער, לעזערינען און מיינע איבריגע פריינדע! איהר ווייסט מסתמא אז איך מאך מעהר־ווייניגער א לעבען פון שרייבעריי. און וואָס איז שייך מיין הארץ — איז דאָס אַן אלט־מאָדיש הארץ, אָהן די מאָדערנע איינריכטונגען, אָהן קינסטליכע באהייצונג, דערפאר אָבער געראם אָהן א שיער, כאָטש שטעל דאָרט אריין און קווארטיר א גאנצען רעגימענט מיט מיידלעך, ווייבלעך, פרויען, דאמען, א. ד. גל.

מיין חבר מיצעלמאַן, דארף איך אייך זאָגען, איז א ווייבערשער יונג, מיט א ווייבערש גענגעל מיט ווייבערשע חנד׳לעך. אויף דער עטאזשערקע ביי איהם וועט איהר טרעפען פון כל המינים ביכלעך איבער די סודות פון שעהנקייט, סלאָיעקלעך מיט שעהנקייט

זאלבען, פלעשעלעך מיט פארפיום, קעסטלעך מיט פודער און שמינק און אנדערע ווייבערשע שמאכטעס.

שטעהט ער אויף אין דער פריה — איז די ערשטע זאך — דער שפיגעל. צו ערשט באטראכט ער זיין פולע גרויס אין קאמביניישאן סוט — א מין אונטערהעמד מיט גאטקעס צוזאמען, אן אמעריקאנישע ערפינדונג צו שפארען געלט, צייט און כחות. דאן באטראכט ער זיין פול געזיכט, דאן זיין פראפיל — דערנאכדעם ווי אזוי ער קוקט אויס בשעת ער גענייצט.

פארטיג דערמיט, פארשמירט ער זיך פון די סלאיקלעך און באשיט זיך פון דעם פודערעל און נעמט זיך פארקאמען די האר און עס נעמט איהם א גוטע שעה אויפ'ן זייגער ביז עס געלינגט איהם אוועקצולעגען די פאדערשטע דריי לאקען אזוי, אז זיי זאלען אויס־זעהן ווי זיי וואלטען קיינמאל נישט געווען פארקאמט.

א קינסטלערישער קאפריז אזא.

אזא קאפריז א קינסטלערישער.

וועט איהר דאך פרעגען: וואס איז דער שכל?

וועל איך אייך ענטפערען: טאקע — וואס איז דער שכל?

זאגען מוז געזאגט ווערען, אז מיט אלע חסרונות זיינע האט דער דאזיגער מיצעלמאן זעהר ווייניג מזל ביי פרויען. פארוואס — זאלט איהר נישט פרעגען. אין אזעלכע זאכען איז נישטא קיין פארוואס.

למאי איך? וואס בין איך דא דער גרויסער חכם? צו דער געוואלדיגער פארשוין? צו דער פיינער שמועסער? צו דער גרויסער גאלדשפינער? פונדעסט־וועגען — ווי איהר וועט געוואהר ווערען אין קאפיטעל צוויי.

קאפיטעל צוויי

צו מיר קומען מיידלעך, און צו איהם, צו מיצעל־מאנען — קומען אויך ארויף מיידלעך. מיינע מיידלעך, פארשטעהט זיך, זענען די שעהנע, די פיינע, די ליי־

טישע, די אמת׳ע מיידלעך, מיט די ברענענדיגע אויגען און מיט די הייסע הענט, און מיט די שעהנע צעפּ, און מיט די הויכע בוזימס, און בכלל זענען זיי כמעט אלע ווארימע אָנהענגערינס פון מיין טאלאנט.

צו איהם ווידער קומען אויך ארויף מיידלעך — אָבער שוין פון אן אנדער סאָרט. צו מ י י נ ע מייד־לעך קומען זיי נישט. זיי זענען ס׳רוב עלטערע, בונ־דיסטקעס אָדער פּעפּעס׳קעס מיט ברילען און אונטער־געשוירענע האָר און פלאכע, פלאטאָנישע קאפּעליושלעך און מיט מאנסבילשע שטימען — בררר!

דאָס איז דער כ ל ל. אָבער אזוי ווי צו אלע כללים איז דאָ אויך פאראנען אן אויסנאם און דאָס איז פריילין ק. ב.

די דאָזיגע קיילעביילע ב., (וואו האָט ער זי דער־טאפּט? דאָס איז זיין סוד!) איז נאָך נאר א יונגע זאך מיט א פּנים׳על וואָס מען טרעפט דאָס נישט אפילו ביי א פּרינצעסין — בלוט און מילך! און א קאָפּ מיט א זשמוט שווארץ־זיידענע האָר וואָס פּעבלען אזש פון שווארצקייט און שלאָגען אָפּ די ווייסקייט פון איהר הויט נאָך ווייסער, נאָך קלאָרער, עפּעס ווי א טייך פון מילך אין א שווארצען וואלד — בקיצור, דאָס אמת׳ע מיידעל וואָס מען פרעגט דארויף.

פארליעבט? נאטירליך! פאַרוואָס־זשע פרוב איך נישט מיין גליק? פארוואָס־זשע שטעה איך ווי א ליי־מענער גולם? פארוואָס טו איך נישט עפּעס? ווייל... ווייל איך שטעה טאקע נישט לעדיג און טו אלצדינג וואָס איך קאָן, אבי צו געווינען איהר הארץ און איהר נשמה.

איבריגענס איז זי מיר א ביסעל צו יונג, צו אונ־שולדיג און אפילו איך, דער גרויסער הארטגעזאָטענער ציניקער האָב עפּעס נישט דאָס הארץ איבערצוברעכען אזא ווייס־חן׳עוודיג בלימעל. און א חוץ דעם האָב איך עפּעס נישט קיין צוטריט צו איהר — אזוי קינדיש איז

זי און רעדט מיט אזא באגייסטערונג וועגען מיין חבר מיצעלמאן'ס מאהלעריי — דער רוח מעג איהם נעמען, מיין חבר מיצעלמאן, כאָטש ער איז א גאנץ וואוילער יונג און איך האָב צו איהם גאָרנישט.

מיר זענען ראדיקאלע מענשען — איך און מיין חבר מיצעלמאן, און אָפּגעמאכט איז צווישען אונז, אזוי און אזוי — אויב איינער פון אונז וויל זיך פארברענגען מיט א מיידעל, דארף דער אנדערער נישט זיין קיין שווייגקערל און אָפּטרעטען דאָס צימער. קיין תירוץ, ווערט א יעדער מענש פארשטעהן, איז אין אזעלכע אומשטענדען נישט פאראנען.

יאָ, איך האָב אומיסטען — צוליעב סטיל — פאר־געסען אויך צו דערצעהלען אז דאָס פריילין קיילעביילע ב., פארהאלט זיך צו מיר אָכוועהגעשריען, גאָר נישט פריינטלעך — מען קאָן זאָגען: כמעט ווי א שונא, וואָרים אליין — ווי עס איז מיר שוין מיאוס ומאָוס צו זאָגען — איז זי א ראדיקאלע און גאָוואָרע'ט. איך שפּרעך, אמאָל רעד איך, אָבער גאָוואָרען? נעווער!

כסדר שפּעט זי פון מיינע מיידלעך, וועלכע זענען, נאָך איהר מיינונג, נארישע יענקים פון קינסטליכער בלאָנד־קייט, און בכלל האסט זי זיי דערפאר, וואָס זיי פאר־ברענגען זיך צו פריי מיט בחורים. עס זאָל מיר עפּעס איינ־פאלען, איז מיר דאָס נישט איינגעפאלען ביז וואנעט — נאָר איצט הויבט זיך איינענטליך אָן די מעשה:

די מיס סמיט, האָט געזאָלט ארויפקומען צו מיר אין צימערל. צו דער דאָזיגער געלעגענהייט האָב איך צונעקליבען מיין דירה אזוי פיין ווי מעגליך. די פּאָד־לאָגע האָב איך באגאָסען מיט די שמעקעכצען פון מיצעלמאן'ס פלעשעלעך. די שטרויענע קאפעליושען וואָס זענען געהאנגען אויפ'ן וואנט, האָב איך ארייננבאַ־זייטיגט אין שאפע אריין. אויפ'ן טישעל האָב איך אוועקגעשטעלט א גלאָז מיט בלומען פאר דרייסיג סענט, און מיצעלמאן'ס געשטעל מיט דער לייוועגט

האָב איך פאַרפּאַקט אונטער'ן בעט, כדי איך זאָל עס נישט האָבען פאַר די אויגען, צום גוטען יאָהר! דאַן האָב איך זיך אָנגעטאָן מיין נייעם יום־טוב'דיגען שמיי־בעל, אונטערגעשפּאַרט א פינגער אונטער דער לינקער שלייף און זיך אַוועקגעזעצט וואַרטען. לאַנג האָב איך אַזוי נישט געדאַרפט זיצען, אין עטליכע מינוטען אַרום איז אַריינגעקומען מיין חבר מיצעלמאַן אין דער באַ־גלייטונג פון דער באַרישניע קיילעביילע ב.

אַזוי ווי מיצעלמאַן האָט באַמערקט אַז ביי מיר איז יום־טוב'דיג, האָט ער מיך אַוועקגערופען אין א זייט און מיך געפרעגט צו וואַרט איך אויף עמיצען.

— יאָ! האָב איך געזאָגט הויך — איך ערוואַרט דאָ אימיצען ביי מיר פּונקט ניין אַ זייגער! דערביי האָב איך אַ שליידער געטאָן ציניש אַ שמייכעל צו פריי־ליין קיילעביילע, ווי איינער רעדט: נישקשה. איך בין דאַנקען גאָט אויך נישט קיין פאַרלוירענער!

פון דער דאָזיגער באַמערקונג איז פריילעין קיילע־ביילע ב. געוואָרען רויט און גענומען זיך מינען ווי די ליכט פאַרבען פון אַ באַלעט. דאַן האָט זי געפרעגט מיט אַ הייזעריגען קול: איהר ערוואַרט דאָ מסתמא אַ גרוי־סען גאַסט, טשטאָ?

— טאַק טאָטשנאָ! — האָב איך גענומען צו הילף מיינע צוויי רוסישע ווערטער, מיט וועלכע איך האָב אין יאָהר 1904 באַרייזט גאַנץ רוסלאַנד און קאַווקאַז — אַ חוץ סיביר — איך ערוואַרט דאָ היינט אַ גרויסען גאַסט, פּונקט ניין אַ זייגער!

ווידער האָט דאָס פריילעין קיילעביילע ב. געשמיי־בעלט עפּעס מיט אַ מאָדנעם שמייכעל און ווידער איז זי רויט געוואָרען.

— זענט איהר זיכער אַז זי וועט קומען? — האָט זי מיך איבערגעפרעגט, קוקענדיג אויף די שפּיצען פון איהרע שיך.

— זיכער!

— און ווי וואָלט זיין אז דער גאסט וואָלט נישט קומען? האָט זי געוואָלט וויסען שוין שטעהענדיג אויפ'ן שוועל.

— וואָלט איך איהם קיינמאָל, קיינמאָל נישט מוחל געווען! — האָב איך צו איהר געשמייכעלט.

— — — — — — — — — — — — — — — —

אז דער זייגער האָט געשלאָגען ניין האָט זיך גע־עפענט די טיר און עס איז אריינגעקומען נישט מיס סמיט, די אמעריקאנערין, נאָר די בארישניע קיילע־ביילע ב.

ווי א משוגענע איז זי ארויפגעפאלען אויף מיין האלז און גענומען שלוכצען: מיין טייערינקער, טיי־ערינקער... דו... דו...

לאנג האָט זי מיך געקושט און געוויינט כאָטש דאָס וויינען איז געווען איבעריג מחמת איך האָב זיך אין גאנצען איבערגעגעבען צו איהר און איהר יונגער בויג־זאמער קערפּער האָט זיך געבויגען און געציטערט ווי א פאלמען־צווייג, וואָס ווערט באוועגט פון א שטארקען און הייסען מדבר־ווינט.

— — — — — — — — — — — — — — — —

שפּעטער ווען די מיס סמיט איז געקומען האָט זי געטראָפען די טיר פון מיין צימערל פעסט פארשלאָסען און פארריגעלט.

# זיכערקייט

ער האָט זי נישט ליעב. עס ציהט איהם נ י ש ט צו איהר, זיין בלוט רוישט איהר נישט אנטקעגען. זיין אויג קושט נישט די באהאלטענקייטען פון איהר לייב, זיין נשמה חבר'ט זיך נישט מיט איהרער.

ער האָט זי נישט ליעב, איהר זאָלט זאָגען אפילו אויף אָט־אזוי־פיעל־אָ. ער איז גלייכגילטיג צו איהר. וואָס הייסט גלייכגילטיג? זי איז ביי איהם להאי וואסער, להאי דער הימעל, להאי דאָס וועטער: מ'זעהט דאָס, נאָר מ'געדענקט עס נישט.

ער האָט זי נישט ליעב. אנדערע מיידלאך, פרויען און דאמען האָט ער ליעב, ציטערט ער, אז זיי וועלען איהם חלילה פארפיהרען. שרעקט ער זיך, אז זיי וועלען איהם פאר'כישופ'ען מיט'ן פייער פון זייערע בלאָהקייטען, פארשפינען מיט'ן גאָלד פון זייערע בלאָנדע צעפּ, פאר־שווארצקינסטלערען מיט זייער ברונעטקייט, פארטאָלען מיט זייער הארצטיעפקייט.

געהט ער נישט מיט זיי. היט ער זיך פאר זיי, ווי געוויסע שרייבער היטען זיך פאר א געדאנק. מיידט ער זיי אויס, ווי א אידישער דיכטערלינג מיידט אוים וואסער. געהט ער זיי אויסען וועג, ווי דאָס גליק געהט אויסען וועג פון יעדען וואָס לויפט איהם נאָך פון הינטען מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס.

פינטעלט, הער שריפטזעצער, פינטעלט. פינטעלט מיר אָן א גאנצע שורה . . . . . . . . . . . . .

אָט־אזוי־אָ, כדי מ'זאָל מיינען, אז ס'ליגט דאָ באַ־האלטען א טיעפער געדאנקען — אזוי טיעף, אז סע

דארף נעמען אַנדערטהאלבען יאָהר איידער מען קאָן איהם אויסגראָבען.

מיט א קאצענשפרונג — צוריק צו איהם, צו אונזער פריינד, וועלכער איז געווען א זעהר פּאָרזיכטיגער פלאַנ־צער אויפ׳ן פעלד פון ליעבע, וועלכער האָט זיך נע־שראָקען פאר סקאנדאלען און פאר די געוויסע נאָכקו־מענדע דורות, וואָס לויפען נאָך פון הינטען און שרייען פּאפּהא, און וואָס געהייסען האָט ער: אברהם פּיזעס, 29 יאָהר אלט, מעהר־וועניגער פארהייראט מיט זיין איינענעם ווייב. דעריבער האָט ער זיך געהיט, דעריבער האָט ער אזוי געפּאָרזיכטיגט, דעריבער, אז ער האָט דערזעהן אז א מיידעל גיט צו איהם א וואונק מיט די אקסעל־בענדער, איז ער געוואָרען דערשראָקען, צעפּלאָ־טערט, פאר׳יוסף־הצדיק׳ט, און ער האָט גענומען אנט־לויפען — ווייבווערטס.

נאָר מיט דאָניא ד. איז דער פאל געווען אן אנדערער. מיט איהר איז ער געווען זיכער, אז זי וועט איהם נישט אראָפּפיהרען פונ׳ם וועג, אז זי וועט נישט רויבען זיין טיכטיגע אונשולד, ווייל ער האָט זי נישט ליעב גע־האט, ווייל ער האָט נישט געפיהלט צו איהר ס׳מינדעס־טע געפיהל פון ראָמעא־און־יוליא׳שקייט, ווייל ער איז צו איהר געווען גלייכגילטיג, ווי א קאָמא איז גלייכגיל־טיג וואו מ׳שטעלט זי אוועק.

אזוי גיך ווי ער, ווי הייסט ער, אברהם פּיזעס, האָט זיך באקאָנט מיט דאָניא ד. האָט ער צו איהר דערפיהלט א מין ווארימע גלייכגילטיגקייט, וואָס האָט זיך צעגאָסען אין אלע זיינע אָדערען, און ער האָט דערפיהלט, אז ער וועט זי קיינמאָל נישט ליעב האָבען. בשום אופן! אזוי זאָל ער זיין א פאָטער צו זיינע קינדער, ווי ער האָט זי — גלייכגילטיג. נאָך מעהר: ער האָט זי פיינט. ער האסט זי. ער קאָן נישט ליידען די קורצנעשוירענע האָר איהרע. און די צוויי אויגען איהרע, וואָס ווארפען אויף איהם בלאָהע שווערדען. און די ליפּען איהרע — זאָ

וואהר ווי ער לעבט! דאָס זענען רויטע שלאַנגען מיט שמייכלענדיגע ציין. און די גאַנצע פיגור איהרע — עפּעס אזוי ווי א ביליגער ווערבע־בוים, וואָס שטעהט לעבען וואסער און בויגט זיך און בויגט זיך — מ'ווייס נישט וואָס ער בויגט זיך אזוי, צום גוטען יאָהר!

און ער, ווי הייסט ער, אברהם פּיזעם (צווישען אַלע פּיזעמס דער פּיזעמדיגסטער!) האָט זיך דערפּיהלט זיכער מיט איהר — כאָטשע דאָס און כאָטשע אַלצדינג. וואָס ארט עס איהם א שטייגער, וואָס אלע זאָגען, אז זי איז א לעבעדיג שטיק פייער מיט קורצע האָר? וואָס געהט עס איהם אָן, וואָס אלע זאָגען, אז זי איז א זעל־טענע שעהנהייט, אז ער פּיהלט ב י י ז י ך, אז ער האָט זי נישט ליעב, אז ער איז צו איהר גלייכגילטיג, וואָס גלייכגילטיג קאָן נאָר זיין!

זי האָט געפרעגט: איהר'ט געהן מיט מיר אויף א שפּאַציער?

ער וועט געהן מיט איהר אויף א שפּאַציער! וואָס האָט ער דאָ מורא צו האָבען? וויבאלד אז ער האָט זי נישט ליעב.

— אין פּארק אריין?

— אין פּארק אריין.

—מ'עט זיך צוזעצען אויף א באנק אָ־דאָרטען־אָ?

— מ'עט זיך צוזעצען אויף א באנק אָ־דאָרטען־אָ. וואָס ארט עס איהם? וויבאלד אז ער האָט זי נישט ליעב.

— דאָ איז צו ליכטיג... מ'עט זיך זעצען אויף דער אנדער זייט, וואו ס'איז נישטאָ קיין לאמטערן.

— מ'עט זיך זעצען אויף דער אנדער זייט, וואו ס'איז נישטאָ קיין לאמטערן. וויבאלד אז ער האָט זי נישט ליעב.

— לאָז ער זי ארומנעהמען אָט־אזוי־אָ.

— ער'ט זי ארומנעהמען אָט־אזוי־אָ. וואָס ארט עס איהם? וויבאלד ער האָט זי נישט ליעב.

— לאָז ער איהר א קוש טון.

ער'ט איהר א קוש טון. וואָס קאָן ער דאָ אָנוועדען? אז סיי־ווי־סיי האָט ער זי נישט ליעב.

— לאָז ער איהר נאָכאמאָל א קוש טון.

—ער'ט איהר נאָכאמאָל א קוש טון. זעהסטו! עס ארט איהם א סך!

— לאָז ער איהר נאָכאמאָל.

— נאָכאמאָל.

— לאָז ער זי פעסט צודריקען צו זיך מיטביידע הענט.

— ער'ט זי פעסט צודריקען צו זיך מיט ביידע הענט. א דאגה איהם!

— נאָכאמאָל!

— נאָכאמאָל.

— לאָז ער אויפהערען צו ציטערען. וואָס ציטערט ער אזוי?

— ער ציטערט נישט. גלאט אזוי. ס'איז איהם קיהל געוואָרען. כ'וועט באלד שנייען.

— לאָז ער זי באגלייטען א היים, אין איהר צימער אריין.

— ער וועט זי באגלייטען א היים, אין איהר צימער אריין. וואָס האָט ער מורא? אזוי לאנג ער האָט זי נישט ליעב!

— לאָז ער מיט איהר אריינגעהן אינעווייניג.

— אריינגעהן אינעווייניג.

— זיך זעצען אויפ'ן בעט.

— זיך זעצען אויפ'ן בעט. א זאָרג האָט ער! אז ער וויים ביי זיך, אז ער האָט זי נישט ליעב.

— איינדרעהען די גאז.

— איינדרעהען די גאז!

— נאָך א ביסעל.

— נאָך א ביסעל. וואָס דארף ער זיך שרעקען פאר איהר? אז ער האָט זי נישט ליעב. ווען ער וואָלט זי

ליעב נעהאט, איז עפּעס אנדערש — דאַרף ער מורא האָבען. אָבער אזוי־אָ — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

הער שריפטזעצער, הער שריפטזעצער! וואָס האָט איהר גענומען און מיר אוועקגעשטעלט צוויי שורות מיט שטרייכעלעך? מ'וועט דאָך מיינען ווער־ווייסט־וואָס! אנשטענדיגע לעזער און זייערע געזעצליכע כלה'ס וועלען מאכען כי־כי. באלעבאטישע מענשען וועלען זיך רואיני־רען זייער פאנטאזיע טראכטענדיג וואָס סע האָט זיך אזוינס געקאָנט טרעפען — הינטער די שטרייכעלעך. אידען־לומדים וועלען פּרובען אוועק־קראצען די שטריי־כעלעך מיט א נאָגעל, כדי צו זעהן וואָס עס טוט זיך פון אונטען. דער אמת איז, אז עס האָט כמעט גאָרנישט פּאסירט, א חוץ דאָרטען — איך ווייס?!

אָבער צוויי זאכען האָט אונזער פריינד פּיזעם גע־לערענט פון דער דאָזיגער געשיכטע: ערשטענס, אז מ'טאָר זיך נישט שפּיעלען מיט פייער, אפילו ווען מ'איז דערצו גלייכגילטיג; צווייטענס, אז שפּיעלען מיט פייער (אפילו ווען מ'איז דערצו גלייכגילטיג) איז א גאנץ אינ־טערעסאנטע זאך — ווען די צוקינפטיגע דורות זאָלען נאָר נישט נאָכלויפען פון הינטען און שרייען: פּאַ־פּהא.

# פלאָריסימאָ

ווייל אויסגעלאסען איז די
מענשליכע נשמה

זי איז אַן אָנשטענדיג מיידעל, פון אָנשטענדיגע טאטע־מאמע, פון אַן העכסט־אָנשטענדיגער משפחה. זי איז זעהר און זעהר. זי איז פון אויבען ביז אראָפּ. זי איז תמיד און אין־דער־וואָכען. זי איז א באלעבאטיש קינד א צעשראָקענס, פון יענע קינדער וואָס טאָג־און־נאכט סטראשעט מען זיי: אָט נעהמט דער בער, אויסגעלאסענקייט. אָט קומט ער שוין ארויס פון וואלד, אָט טוט ער א ברום — רעוווהו. און ס'אָנשטענדיגע מיידעל ווערט בלאס און צעטומעלט. זי טראכט פון די אלע פרויענשענדער, פרויענפארפיהרער, פרויענפאראומגליקער, פרויענרואינירער. פון וועלכע זי האָט געלעזען אין דעם ראָמאן פון איהר צייטונג. זי טראכט פון די ארטיקלען פון די שרייבענדע ווייבער, וועלכע שרייבען, אז מען זאָל זיך למען־השם היטען פאר די חיות אין מענשענגעשטאלט, און זיי ענדיגען דערמיט, אז צו סירופּ דארף מען האָבען אָנדערהאלבען פונט צוקער, און אז אלע נאכט פּאר'ן שלאָפען־געהן זאָל מען עסען א מאראנץ.

דאָס אָנשטענדיגע מיידעל איז — פארדורכאויסט מיט אָנשטענדיגקייט. יעדער טראָפּען פון איהר בלוט איז זיבען מאָל אָנשטעדיג — אהין און צוריק. זי ליידט פון אָנשטענדיגקייט אין א הויכען גראד. זי האָט אַן אָנשטענדיגקייט־פיבער, אָנשטענדיגקייט־היץ, איהר פולס

ציטערט מיט אָנשטענדיגקייט, און איהרע אויגען ברענען מיט דעם בלאַהען גליה־גלאַנץ פון אָנשטענדיגקייט.

זי איז א העכסט־אָנשטענדיג מיידעל. נישט איבריג שעהן, נישט איבריג יונג, נישט איבריג קלוג, נישט איבריג זויבער, אָבער דערפאר איז זי העכסט רעספעקטאבעל, פיין, אָנשטענדיג. ווי א געטרייער וועכטער שטעהט זי אויפ'ן טורעם פון איהר יונגפרויליכקייט און זי היט זי אָפּ מיט גרויס פאַרכט. ארום־און־ארום שלאָגען די פאליעס פון פארפיהרערישקייט, פון פארטונקעלטע נעכט, פון איינזאמע שפאציר־גערטנער, פון זומער־נאַלד און ווינטער קרעלען, וואָס פארהימלען די וועלט, פון פיבערשטורעמס, און הארצווינטען. פון פארצווייפעלטע אויסרופען וואָס קומען פון די אָדערען ארויס און ווארפען זיך אויף דער געצערטעלטער און געהאלזטער יונגפרויליכקייט, אָבער זי? מוטיג און בראוו און העלדיש שטעהט זי אויפ'ן וועכטערטורעם פון איהר מיידלישקייט און זי היט זיך מיט זיבען אויגען: זי גיט אכטונג, אז איהר עהרע זאָל בלייבען א ב כ ב ו ד'ע עהרע, אזוי ווייט ווי מעגליך און אז דער גרויסער, דער בייזער ים פון מאנסבילשקייט זאָל נישט דערגעהן ביז צו די ברעגען פון איהר לעבען, זאָל זי נישט באריהרען מיט זיין צאָרן, מיט זיין ווילדגעשריי.

ווייל דאָס אָנשטענדיגע מיידעל איז, פאר אלעמען, א קינד פון אָנשטענדיגע טאטע־מאמע, פון געוואָרענטע טאטע־מאמע, וואָס ציטערען אויס זייער טאטע־מאמעשקייט אויף זייערע ציטערדיגע טעכטער און וואָרענען זיי, אז זיי זאָלען זיך היטען פאר יעדען מאנסבילמענש, און אז זיי זאָלען, אין יעדען פון זיי, זעהען א פארפיהרער, א שרעקליכע בעסטיע, א חיה־רעה, א ווילדער טיגער מיט א זיידענעם שניפס, וואָס איז נאָר אויסען צו רויבען די אונשולד פון יונגע מעהדזשכהענס.

אָבער סוף כל סוף האָט זיך פארלאָפען איינס פון די

באריהמטע פארלויפענישען פונ׳ם צוואנציגסטען יאָהר־הונדערט. אונזער זעהר־און־זעהר־אָנשטענדיג מיידעל, מיט׳ן נאָמען פלאָריסימאָ, האָט זיך אָפּגעזוכט א חתן, — ניין, דער חתן האָט זי אָפּגעזוכט, אויף א פיינעם אָנשטענדיגען אופן, זיך מיט איהר באקאָנט אויף א זעהר אָרענטליכען, זעהר באלעבאטישען שטייגער, און נאָכדעם ווי זיי האָבען זיך — איינס ס׳אנדערע — אָפּגעשיקט צו זייערע געגענזייטיגע טאטע־מאמע, און נאָכדעם ווי די נעמליכע טאטע־מאמע האָבען זיך איבערצייגט, אז בײדע זענען הויכאנשטענדיגע קינדער פון לאָמיר־האָבען־אזא־יאָהר־פון־וואָסארא־אנשטענדיגע עלטערען, האָבען זיי יאָגעזאָגט, — דאָס הייסט זיי האָבען נישט נ י נ ג ע ־ ז אָ ג ט, נאָר אדרבא: זיי האָבען געזאָגט „יאָ״, און ס׳איז אָפּגעמאכט געוואָרען צווישען די אָנשטענדיגע טאטע־מאמע, אז די חתונה צווישען זייערע אָנשטענדיגע אָרענטליכע קינדער זאָל פּאָרקומען טאַקי אין ניכען און לאָז זיין אין א מזל׳דיגער שעה.

אמן.

אז די כלה — פון דעם חתן׳ס צד — האָט דערהערט אז זי נעהט פּערזענליך חתונה האָבען, האָט זי זיך צע־וויינט מיט א גרויס געוויין, און מ׳האָט זי קוים איינגע־שטילט דערמיט, וואָס מ׳האָט איהר צוגעזאָגט, אז מ׳וועט איהר קויפען זיבען פונט זיידענע שלייערס און א גאָלדען הערצעל, אויף א טייער האלזקייטעלע, און א מאסע בעט־געוואנט.

סצענע: עס איז די נאכט פון זייער חתונה. דאָס אָנשטענדיגע מיידעל זיצט אויפ׳ן כלה־טראָהן מיט א בונט בלומען אין דער האנט. ארום איהר שטעהען די קראנצענפרייליינס און עטליכע קראנצענבחורים שטעהען אויך און קוקען אויף איהר שעהמעוודינקייט. מ׳טאנצט, מ׳מזל־טוב׳ט. עס וויינט דאָס אָנשטענדיגע פידעלע, עס בייזערט זיך דער נישט־אָנשטענדיגער באס און — זיי קריגען זיך און סע׳מישט זיך אריין ס׳לייכטזיניגע פייקעל

און סע מאכט די גאנצע זאך צו גאָרנישט. מחותנת'טעס טראָגנען ארום לעקעך און בראָנפען אויף א טאץ און — ווײַנען. מחותנים קוקען אויף דער צעשראָקענער כלה און שמייכלען מיט אונאנשטענדיגקייט. עס ווערט שפעט און שפעטער. אָט שטעלט מען די חופה. אָט נעמט מען די אָנשטענדיגע כלה אונטערפיהרענס און מ'פיהרט זי ארום־און־ארום דער חופה. אָט פינקלען די פארביגע חופה־ליכט, אָט שטאמעלט דער אָרענטליכער חתן זיין אָנשטענדיגען, העכסט־געזעצליכען הרי־את. און אָט — צעברעכט ער ס'גלעזעל מיט'ן פוס און ס'איז פונקט ווי ער וואָלט געטראָטען אויפ'ן הארץ פון דער שעהמעוודיגער כלה, וואָס שטעהט און גיסט מיט טרערען.

און אָט איז די חופה פאָריבער. דאָס פאָרעל זיצט אין זייער אייגענער היים — אויפ'ן בעט. מ'זיצט און מ'רעדט זעהר אָנשטענדיגע רייד. מ'דערמאָנט זיך וויפיעל לעקעך עס איז אוועקגעגאנגען אויף דער חתונה, און פון דעם פעטער שימע, וואָס האָט זיך אויסגעגליטשט ביים טאנצען און מ'האָט איהם געמוזט אהיים נעמען. דער חתן האָט שוין אפילו אריינגעוואָרפען עטליכע ווערטער וועגען דער מלחמה און וועגען טראָצקי'ן אָבער — עס פיהרט צו גאָרנישט. עס ווערט שפעט און שפעטער.ביידע זענען מיעד און פארשלאָפען — און די נאכט איז שוין אין זיבעטען חודש מיט'ן גאָלדגעלאָקטען טאָג וואָס דארף באלד געבוירען ווערען. עס ליכטיגט זיך ביסלעכ־ווייז דורכ'ן פענסטער, און עס גראָהעט זיך אין די נייר־געמעבלירטע צימערען. דער אָנשטענדיגער חתן נעמט זיך אָן מיט מוט און געהט מיט איהר אין א באזונדער צימער און לעשט אוים די ליכט, און וויל זי ארומנעמען און קושען. ער מיינט הפנים אז זי איז פון יענעם סאָרט מיידלעך, וואָס ער פיהרט זיך מיט איהר אויף אזוי מאָדנע. און ווען? באלד די ערשטע נאכט נאָך דער חתונה. — דאָס איז שרעקליך.

און דאָס אָנשטענדיגע מיידעל האָט זיך צעוויינט אויף

איהר ביטער מזל. — דארויף וואָס זי איז ארייננגעפאלען אין די הענט פון אזא איינעם וואָס וויל רויבען איהר עהרע, וואָס וויל זי פאראומגליקען אויפ'ן גאנצען לעבען.

ער נעמט זי ארום און וויל זי א קוש טון, אָבער זי שטופּט איהם אָפּ פון זיך און זי לאָזט זיך נישט. זי זאָגט:

— מיסטער, איהר האָט נישט געטראָפען ס'אָרט. ווער מיינט איהר בין איך? איך בין אן אָנשטענדיג מיידעל, איך האָב פיינט די אלע זאכען, פארשטעהט איהר מיך. אויב איהר ווילט זיך אויפיהרען ווי אן אָנשטענדיגער מענש איז גוט, אז נישט געה איך מיר אוועק און איך לאָז אייך איבער אליין. פּליעז, נעמט אראָפּ די הענט, איך האָב דאָס פיינט.

און ס'אָנשטענדיגע מיידעל ציטערט און איז אויפגע־רעגט. סטייטש, אזא זאך! זי האָט מיט איהם חתונה געהאט, דערפאר ווייל זי האָט געמיינט, אז ער איז אן אָרענטליכער מענש און אז ער קומט פון אן אָנשטענדי־גער פאמיליע, צום סוף לאָזט זיך אויס, אז ער פארשליסט זיך נאָר מיט איהר אין א באזונדער צימער און לעשט אויס די ליכט, און וויל זי ארומנעמען און קושען. ער מיינט הפנים אז זי איז פון יענעם סאָרט מיידלעך, וואָס ער פיהרט זיך מיט איהר אויך אזוי מאָדנע. און ווען? באלד די ערשטע נאכט נאָך דער חתונה — דאָס איז שרעקליך.

...און גרויסע האָגעלדיגע טרערען זענען געפאלען פון איהרע אויגען, ווייל יונגפרוילכקייט איז דער נאָבעלער קראנץ פונ'ם פרויענגעשלעכט און דער וואָס רויבט די עהרע פון א פרוי איז גלייך ווי ער בארויבט א טעמפעל.

# אויף וואָס מע׳ריכט זיך נישט

ער איז אזוי מיעד, צום טייפעל! מיעד, מיעד, מיעד — אָט וואָס ער איז! און שולדיג אין דעם איז עטעל — זיין ווייב עטעל. זייט ער איז פארהייראט, האָט ער נישט פאר זיך אליין קיין רוהיגע מינוט. אָט איז ער פאר־ליעבט אין איינער, אָט אין א צווייטער, אָט אין א דריטער. ער קאָן נישט רוהען — ער קאָן נישט. ער האָט נישט קיין כח צו זיין פארהייראט — עס איז נישט פאר זיין טעמפעראמענט. וואָס־זשע זאָל ער טון? זאָל ער נעמען און מקריב זיין זיין גליק אויפ׳ן מזבח פון פאר־שיעדענע זאכען? כא־כא! ער לאכט דערפון — מיט א הויך געלעכטער. יעדער מענש האָט א רעכט צו זיין גליקליך אויף זיין אייגענעם אופן, און וואָס אָנבאלאנגט זי — עטעל הייסט דאָס, איז... וואָס איז ער שולדיג, אז זי איז אונגליקליך? אז זי ווייסט נישט פון קיין רו־הינע מינוט? וואָס איז ער, הער ה. עפשטיין, מיט דער בלאָנדער, שעהנגעשווירענער באָרד שולדיג, אז זיין הארץ איז ברייט, אז זיין הארץ איז טיעף, אז זיין הארץ איז פריי — ווי די גראָזען אין וואלד, און אז ער וויל, ווי זאָגט ערגיץ יהואש, אויסזופען דעם בעכער פון ליעבע העט־העט ביז צום דנאָ? וואָס איז ער שולדיג, אז ער איז א פרעכטיגער יונגערמאן? וואָס קאָן ער זיך העלפען, אז זי — עטעל, איז איהם נישט קיין גלייכע פאָר, — אז ער איז פול־בלוטיג, רייצענד, ציגיינעריש ווילד און אלע פרויען ווערען פאר איהם משוגע?

. . . אך די פרויען! ער האָט זיי ליעב. ער האָט זיי פיינט. ער האסט זיי. ער קאָן אָהן זיי נישט לעבען. זיי

גנען דאָס איינציגע צוליעב וואָס עס לוינט זיך צו לעבען, און דאָס איינציגע צוליעב וואָס עס לוינט זיך צו אנטלויפען אין קאלטען קאנאדא, אוואו יואל ענטין האָט דאָ אנומעלטען געלעזען א לעקציע.

זיין גאנץ לעבען, מישטיינס נעזאָגט! וואָס פאר א מין לעבען ער האָט אָפּגעלעבט, מיט זיין עטלען! כסדר איז זי אייפערזיכטיג אויף איהם. און זי ערגערט זיך און קרענקט און ווערט בלאסער פון טאָג צו טאָג. א רחמנות אויף איהר. די לעצטע צייט איז זי עפּעס גאָר אין גאנצען פארענדערט — אזוי בלאס און פאר־חלום׳ט און פארבענקט און קוקט כסדר דורכ׳ן פענס־טער און זיפצט און זיפצט. זאָל דאָס זיין, אז זי האָט אויסגעפונען דעם גאנצען אמת וועגען זיינע באציהונגען מיט איהר — מיט דער שווארץ־חן׳עווודינער אינטעליגענטקע פון די בראָנקס? וואהרשיינליך. מסתמה. געוויס איז דאָס אזוי. א מאָדנע פאָלק די פרוי־ען — זיי געפינען אלצדינג אויס מיט זייער אינסטינקט — א פיין וואָרט „אינסטינקט" — אי"ה מאָרגען ביי־נאכט, אז מ׳עט דערלעבען מיט געזונט, וועט ער זעהן אריינארבייטען דאָס דאָזיגע ווערטעל, בעת ער וועט רעדען מיט זיין בראָנקסער געליעבטע וועגען די פאר־שיעדענע פרויען־נאטורען.

. . . איז, הייסט דאָס, זיין עטעל, נעביך שטארק אייפערזיכטיג אויף איהם. אָרימע עטעל! בידנע עטעל! זי האָט איהם נעביך אזוי שטארק ליעב, און וואָס איז דער חידוש! ווער קאָן דאָס א שטייגער פ י י נ ט האָבען אזא מין פיין־געבויטען, עלעגאנטען בלאָנד־בער־דיגען מאנספארשוין ווי ער, הער ח. עפּשטיין, איז?

און וואָס וועט נאָך זיין, אז זי וועט זיך באלד, אין א צעהן מינוטען ארום, בעת ער וועט אהיים קומען, דערוויסען דעם אמת, אז ער מוז זי פארלאָזען. ער קאָן מיט איהר נישט לעבען. ער אכטעט זי — אָבער דאָס אלעס. אויב זי וויל פארבלייבען זיין פריינט — גוט!

אָבער בלייבען זיין פּרוי קאָן זי נישט — כאָטש, איין נאָט אין הימעל ווייסט דעם אמת, אז ער האָט לאנג געקעמפּפט מיט זיך, ביז וואנעט ער האָט זיך באשלאָסען צו דעם שריט. אָבער עס מוז געשעהען: ער וועט געהן זיין וועג אין די בראָנקס און זי . . . אך! אוואו איז ס'ווייסע טאשענטיכעלע ס'אויסגעפּרעסטע? אָט איז עס. ער וועט זיך אויסווישען א טרעהר פון אויג. ס'איז א נאָט'ס רחמנות אויף דעם ווייבעל. זי האָט נעביך קיינעמען נישט. וואוהין וועט זי געהן? צו וועמען וועט זי זיך ווענדען? זי איז נעביך עלענד ווי א שטיין. ער וועט זיך אויסווישען נאָך א טרעהר — פון אנדערען אויג אויך. צום גוטען יאָהר! ער איז היינט עפּעס אזוי מאָדנע סענטימענטאל. צוקראָכען. מען דאַרף טאקע האָבען ס'הארץ פון א גזלן — צו נעמען אזא עלענד, אזא פיין ווייבעל, וואָס זי האָט איהם אזוי משוגע־ליעב, און זי איבערלאָזען איינע אליין אין דער גרויסער וועלט.

אפשר וועט זי באגעהן זעלבסטמאָרד. ס'איז שעהן צו הערען ווי ער זאָגט „אפשר", ס'איז נאָך ביי איהם א ספק, הייסט דאָס! כע־כע. וואָס דען וועט זי טון? זי וועט דען קאָנען לעבען א טאָג אָהן ח. עפשטיין? ס'איז נאריש געערדט. ער ווייסט ווי הייס, ווי הייסער, ווי אונענדליך פלאם־פייערדיג הייס זי ליעבט איהם. אָבער — ער קאָן זיך נישט העלפען. ער האָט עס אין דר'ערד. ער האָט נאָך אליין אויך גאָר נישט גענאָסען פון לעבען. ער איז נאָך אליין אויך גאָר א יונגע זאך — אין גאנצען זעקס און פערציג יאָהר אלט. ער קאָן נישט. ער קאָן נישט. ער קאָן נישט!

אָט איז ער שוין ביים הויז. סע לויכט זיך דורך די פענסטער. זי שלאָפט נאָך נישט. זי וואַרט אויף איהם. זי וועט חלש'ען, אז זי וועט הערען די שרעקליכע בשורה — אָבער — אזוי בלייבט דאָס. ער איז נאָך אליין אויך א יונגער מענש... אין גאנצען זעקס און פער־

ציג יאָהר אלט. אָט שליסט ער שוין אויף די טיר — מיט זיין אייגענעם שליסעל. גוטנאָווענד עטעל! וואָס מאכסטו? שלאָפסט נאָך נישט? וואָס איז דער מעהר? דארפסט מיר עפּעס זאָגען? אָלרייט. זאָג. ער דארף איהר אויך עפּעס זאָגען. נאָר לאָז זי זאָגען צו־ערשטען. הא? וואָס? ער האָט ניט געכאפּט אקוראט די ווערטער. ווי? זי האָט באשלאָסען איהם צו פארלאָזען. וואָס איז דער מעהר? הא? אָהם! אזוי... אָהאָם? זי ליעבט איהם נישט. זי ליעבט דעם מיסטער לאנדער פון הארלעם — ליעבט זי! זי האָט שוין לאנג געדענקט איהם עפּשטיינען, אויסצוזאָגען דעם אמת, נאָר זי האָט נישט געקאָנט. זי האָט אויף איהם רחמנות געהאט. זי ווייס ווי שטארק ער האָט זי ליעב. זי האָט איהם אויך ליעב — אלס פריינד, אָבער נישט מעהר. ווייטער לעבען מיט איהם אלס מאן־און־פרוי — קאָן זי נישט. לאָז ער איהר ענטשולדיגען. גאָט ווייסט דעם אמת, אז זי האָט זיך נישט אזוי לייכט באשלאָסען צו דיזען שריט — אָבער זי קאָן זיך נישט העלפען. זי איז נאָך אליין יונג — אין גאנצען אכט און דרייסיג יאָהר אלט און זי וויל נאָך אויך א ביסעל געניסען פון לעבען. זי האָט צו איהם — צו עפּשטיינ׳ען — גאָרנישט. אדרבא, זיי פארבלייבען די בעסטע פריינד, נאָר לעבען מיט איהם קאָן זי נישט... זי קאָן נישט, קאָן נישט, קאָן נישט! וואָס איז דער מעהר וואָס ער איז אזוי בלאס געוואָרען? אָי וועה איז צו׳ן איהר. אפשר נישט גוט געוואָרען?... נעם א ביסעל וואסער, עפּשטיין! אָט אזוי... נעם נאָך א ביסעלע! וואָס וויינסטו, דו נארעלע? מ׳דארף נישט וויינען! דו וועסט זיך געפינען אן אנדערע, הא? דו קענסט אָהן מיר נישט לעבען? דו וועסט באגעהן זעלבסטמאָרד? דו וועסט זיך דערשיסען? פע, עפּשטיין, רעד נישט אזוי! א מאן דארף נישט אזוי ריידען.

איך האָב זיך אויף דיר עס נישט געריכט. עס טרעפט, אז פארהייראטע מענשען געפינען אויס אז זיי

קאָנען נישט לעבען צוזאַמען און מען צעשיידט זיך.
ווער איז מיר. וואָס איז דיר עפּשטיין? דו חלש'סט
שוין ווידער? נאַ, נעם נאָך א ביסעל וואַסער — נעם
נאָך א טראָפּעלע. ווער איז מיר ווי דו ביזט פאַרענדערט
געוואָרען אין די עטליכע מינוט.

# צוליעב דער מוטער

זי איז שעהן. זי איז יונג. זי איז וואונדערבאר. איהר אויגענבלויקייט איז טיעף. איהר לאַקענבלאָנד־קייט איז אונערהערט. איהר פּנים איז קארשענזאַפט און מילך — גוט געמישט. איהר געשטאַלט איז בויגיג ווי א ווערבע. איהרע הענט זיינען דין און איידעל און אַלצדיננג.

אָבער זי האָט א מוטער. און די מוטער איהרע איז מסתמא אויך אמאָל געווען יונג און שעהן און בלאָנד און אַלצדיננג און איצט איז זי ברייט, צעשוואומען, פּיעלגוי־דערדינג, שווער, אונמעגליך.

די טאָכטער הייסט אנא.

די מוטער הייסט קאָנטשעטא.

און די שעהנע אנא פון היינט, דאָס איז די צוקונפטי־גע קאנטשעטא פון מאָרגען, פון איבערמאָרגען...

און די צעשוואומענע קאָנטשעטא פון היינט מיט א האָר־וואָרצעל אויף דער לינקער זייט פון פּנים, — דאָס איז די וואונדערבארע אנא פון נעכטען...

און אנא, די שעהנע, בלאָנדע, וואונדערבארע, אונער־הערטע, גוואלדינע אנא פון ניו יאָרק דעם 28טען אָקטאָ־בער, ניינצעהן־זיעבצעהן, טראָגט אין איהר שנעל־פּליסיג בלוט די רויהע מעגליכקייט צו ווערען די עלטערע, שווער־באלעבאַטישע־פרוי פון דעם זעקסטען סעפּטעמבער, ניינ־צעהן־זיעבען־און־דרייסיג. איהר שעהנע אויגען, וואָס נר־צען־אוים אזוי פיעל נשמה פאר זייער טעגליכען געברויך, טראָגען אין זיך די מעגליכקייט צו ווערען ליידיג און נשמה׳לאָז, מיט טרערען־קישעלעך אונטער די ברעמען.

איהר הויך, ווערבע׳דיג געשטאַלט טראָגט אין זיך פאַר־שלאָסען די רויהע מעגליכקייט צו ווערען אויסגעפלאַכט, פארנידריגט און מאנסבילש. איהר שעהן, לבנה־פּנים טראָגט, אונטער דער הויט, די מעגליכקייט צו ווערען אויסגעברייט, פּיערעקעדיג, און פארגווידערט. איהרע דינע הענט טראָגען אין זייערע פיין־בלויע אָדערן, די מעגליכ־קייט אָנצוטרינקען די הענט מיט צופיעל בלוטזאַפט, אזוי, אז זיי זאָלען ווערען רויט, פעטליך, ווארעם און שטומפּיג.

און דאריבער:

אז אונזער העלד באָנסיניאָר, 28 יאָהר אַלט, נישט פאַרהייראַט, פון זעקס הונדערט פיער־און־פערציג סימפּ־סאָן פּאַרקוועי, בראָנקס, האָט זיך באַקענט מיט דער שעה־נער, מיט דער וואונדערבארער אנא, און אז ער האָט אַ קוק געטון אויף איהר הויך געשטאַלט, אויף איהר פאַר־בלייכט לבנה־פּנים, אויף איהרע אויגען, וואָס ברענען אוים שטיקער נשמה אזוי שנעל, ווי אַ גרויסער אויטאָמאָ־ביל ברענט־אויס גאַז, און אז ער האָט אָנגענומען איהר שעהנע, דינע, קיהלע האנט אין זיינער, האָט באָנסיניאָר געפיהלט אַ טיפע ערדציטערניש אין מיטעלפּונקט פון זיין הארץ. זיבען גרויסע געוויטער־שטורמס האָבען דורכ־געראַשט אין זיין בלוט, און אין זיין מח האָט געבליצט, געדונערט, געדונערט און — עס איז אויפגעגאַנגען אַ קלאָרע, אַן אויסגעוואשענע אויגענזון... און די נעמליכע זון איז געשטאַנען אין באָנסיניאָר׳ס ווייט־געעפענטע אויגען, וואָס זענען ארומגעגאַנגען שפּאַצירען אהין און צוריק, איבער דער ווערבע׳דיגער געשטאַלט פון דעם מיי־דעל, און וואָס האָבען שטומערהייט אויסגעזוכט גאַנצע ביבליאָטעקען מיט קלאַסישע פּאָעזיע. גאַנצע אַלפּענבערג מיט ליעבשאַפט, גאַנצע האַמבורג־אַמעריקאַן־ליניעס מיט פאַרוואונדערונג.... !

באָנסיניאָר — איך פארזיכער דאָס אייך אויף מיין עהרענוואָרט! — איז געווען שוידער־שוידער־שוידערליך

פארליעבט. זעקס הונדערט קאפיטלעך שיר־השירים, אין א איטאליענישער איבערזעצונג, האבען דורכגעצויגען דורך זיין געדאנק מיט דער גיכקייט פון 82 מייל א שעה. באנסיניאר איז געשטאנען איינער אליין, ארומגערינגעלט פון זיינע העכסטמערקווירדיגע וואנצען, און ער האט נעקרייזעלט די וואנצע וואס איז געלעגען נעהנטער צום צפון־זייט פון זיין גזיכט און ער האט געטראכט אין אט־אזוינע־א ריזיגע ווערטער:

„איך האב זי ליעב!"

א ווייל אדער אנדערטהאלבען איז אונזער פאפולע־רער באנסיניאר אזוי געשטאנען אין הויז פון דער שעהנ־סטער פון אלע אנא'ס, און די ליעבעס־געדאנקען האבען איהם ארויסגעקוקט דורכ'ן הויך־געבויטען, איטאליעני־שען שטערן, זענען איהם אריין אין די אויגען, און פון דארטען זענען זיי מיט פליסיג פייער אריבער אין אלע אדערען־צווייגען פון זיין יונגען נעאפאליטאנישען לייב, און זיי האבען איהם אריינגעשריען אין אויער פון יעדען טראפען בלוט, און עס האט זיך אונטער איהם אונטער־געצונדען דער גרעסטער טייל פון זיין פערזענליכען אוני־ווערזום, און ער האט נישט געוואוסט וואס צו טון.

ער האט י א געוואוסט וואס צו טון. ער האט זי ארומגענומען מיט אלע הענט און ער האט זי נענעהענ־טערט צו זיך, און אז די רעכטע האנט איז פארלוירען געגאנגען ארום איהר טאליע, איז זי באלד·אויפגעזוכט געווארען פון דער לינקער האנט און כדי זיי זאלען זיך מעהר נישט פארלירען האבען זיך די צוויי באנסינארישע הענט געהאלטען נאהענט איינס לעבען ס'אנדערע, און — קיין קראפט אין דער וועלט וואלט זיי נישט געקאנט צעשיידען.

פארהאנג און נאכאמאל פארהאנג.

אז באנסיניאר איז געקומען צו זיך, האט ער געהערט ווי ער זאגט מיט א געבארגט קול: „אנא, איך קאן אהן דיר נישט לעבען א מינוט. אנא, לאמ־ר לויפען איבער

די בערג פון קראָטאָנא פּארק. אנא, לאָמיר אוועק אין דער ווייטער וועלט אריין. אנא — ביי דעם לעצטען „אנא" איז (זעהר פּ ל ו צ ל ו נ ג) באָנסיניאָר געבליבען שטעהן מיט גרויס אויגענפארוואונדערונג, זיינע הענט וואָס זענען געווען ענג פארזאמעלט ארום דער טאליע פון דער שעהנער אנא, זענען געווען שלאף און ענטמוטיגט, און זיינע ליפּען זענען געבליבען אָפען, מיט די ציין כמעט אין דרויסען.

וואָס איז געשעהן?

עס איז געשעהן, אז אנא'ס מוטער, קאנטשעטא, איז אריינגעקומען און, אין איינעם מיט איהר, איז אויך אריינגעקומען די ש פּ ע ט ע ר ד י ג ע אנא, די אנא פון דער ווייטער צוקונפט, די דורכאויס־פארהייראטע אנא, מיט'ן האָר־וואָרצעל אויפ'ן פנים, מיט'ן קורצען האלז, מיט די גרינוואסערדיגע אויגען, מיט די שטומפּיגע הענט, מיט דעם שווערען גאנג.

האָט צו איהם גערופען א שטים:

באָנסיניאָר, באָנסיניאָר, קום צו זיך און זעה דיין צוקונפטיגע געליעבטע! זעה די רויהע מוטער־מעגליכ־קייטען וואָס שלומערען אין דעם ווייסען לייב, וואָס זע־נען פארבאהאלטען אונטער דער איידעלער הויט, וואָס זענען פארבאָרגען אונטער די ליידענשאפטיגע סאלאָמע־ליפּען.

באָנסיניאָר, באָנסיניאָר, קום צו זיך און זעה דיין געליעבטע מיט צעהן־צוואנציג יאָהר שפּעטער! זעה דיין פאר'אמת'טען חלום. זעה דיין פארמוטערטע אנא. זעה דיין שעהנעם אנא־אידעאל, אָנגעטון אין דעם שלעכטען געשטאלט פון איהר מוטער.

באָנסיניאָר, באָנסיניאָר. קום צו זיך און זעה די ד ע ר ו ו א כ ו נ ג פון דיין רויט־נעאפּאָליטאנישען חלום, — זעה ווי פּראָסט דאָס איז, ווי נישט־שעהן, ווי שלעכט געפורעמט, זעה דיין — צוקונפטיגע קאנטשעטא!

און באָנסיניאָר איז געקומען צו זיך. ער האָט גע־

זעהן: אי אנא׳ן, אי קאנטשעטא׳ן: אי דעם חלום, אי די אמת׳דיגקייט. און זיינע אויגען האָבען גע־בלאָנזשעט אהער און אהין: האלב חלום, האלב קאנ־טשעטא. האלב ווירקליכקייט, האלב אנא! און פון דעם גרינוואסערדיגען בליק פון דער ווירקליכקייט פון דער קאָנטשעטא, האָט ער לעבענסקלוגשאפט ארויסגעשעפּט, האָט ער ארויסגעשעפּט די פארשטענדניש פאר דעם אמת פון שעהנזעהעריי, האָט ער ארויסגעזעהן די שעהנקייט אין איהרע אלע שרעקליכע מעגליכקייטען.

אנא און — קאנטשעטא.

די שעהנבליהענדיגע, יונגע גאזעלגרינגע אנא פון היינט, איז די שווערגעהענדיגע, אונמעגליכע קאנטשעטא פון מאָרגען. דער היינטיגער חלום פון שעהנקייט, איז דער מאָרגעדיגער חלום פון שפאגעטי און גרינצייג, פון עסען און רוהען.

באָנסיניאָר איז געשטאנען א ווייל, און נאָך א ווייל, און נאָך איינע.

די ארומנעמונג, מיט וועלכער ער האָט פריהער ארומגענומען איהר לייב האָבען געהאנגען אויף זיינע אָרעמס ווי שווערע רייפען, די ליפען פון וועלכע עס האָבען ארויסגעבליהט אזוינע ווייסע־ווייסע, דופטענדיגע ווער־טער, האָבען זיך געפיהלט פארוויאנעט און טונקעל און דאָס בלוט וואָס האָט ארויסגעזינגען אזא הייליג־גע־שוואוירענע ליעבשאפט, האָט זיך געפיהלט מיעד און פארשעהמט.

קאָן דער שעהנער באָנסיניאָר ליעב האָבען אָט־די־אָ צוקונפטיגע קאנטשעטא, וואָס שטעהט פאר איהם אין געשטאלט פון איהר מוטער?

קאָן דער קלוגער באָנסיניאָר זיך פארליעבען בלויז אין א שאָטען פון שעהנקייט, וואָס וועט באלד פאר־שווינדען?

קאָן דער פראכטיגער באָנסיניאָר הייראטען אזא אונמעגליכע צוקונפט, אזא שטיק עבט־ווייבערישקייט?

און זאָל ער זיך לאָזען פארפיהרען פון דעם הויכנעוואק־סענעם חלום וואָס הייסט אנא?

ניין. ניין.

און באָנסיניאָר שטאמעלט אויס עטליכע פארגע־בונגס־ווערטער אין א פארצווייפעלטען איטאליעניש, נעמט זיין שווארץ־ווייכען הוט און געהט אוועק.

און — אויב איהר ווילט לעזער שעהנע, לעזער גוטע — געהט ער נישט אוועק. ווייל וואוהין וועט ער געהן דער קלוגער באָנסיניאָר? וואו וועט ער זיך באַ־האלטען פון דער קאנטשעטא־מעגליכקייט פון די אנא'ס? וואוהין וועט ער אנטלויפען פון דער פארנאנגליכקייט פון א חלום, וואָס דעוויל איז ער אזוי וואונדערליך ווי באנדאר, און אזוי ראָמאנטיש ווי דאָס פארפלאָסענ־קייט פון א טייך?

געענדיגט.

# מ ע נ ש ע ן

די פֿאָלגענדע סצענע וועט וואהר־
שיינליך קיינמאָל נישט פֿאָרקומען.
איך גיב זי דארום איבער אַקוראַט,
מיט אלע איינצעלהייטען, געטריי
צו מיין פֿאנטאזיע.

פ ע ר ז אָ נ ע ן:

ע ר: א מאַנסביל.
ז י: אַ דאַמע.

---

ס צ ע נ ע: אַ פּארק.
צ י י ט: פֿריהלינג.

---

ע ר: פֿריילין, פֿארוואָס שמירט איהר זיך אָן מיט אלערליי זאבען? (האלט זיך צו די נאָז) פֿוי! איהר שמעקט שרעקליך.

ז י: און וואָס איז דער מעהר מיט אייך? איהר שמעקט ווי אן איטאליענישער בארבער־שאפּ.

ע ר: יעס. מיר שמעקען ביידע.

ז י: און די ליפּען אייערע זענען עפּעס אזעלכע חזיר׳שע, פֿול מיט תאוה.

ע ר: דערפֿאר זענען ביי אייך אויך א פּאָר מכשפה־ליפּעלעך. א לייטישער מענש וואָלט זיי קיינמאָל נישט געקאָנט קושען.

זי: און ווי געפעלען אייך מיינע בלאָנדע לאָקען? צוגיי און א האלב דאָלאר פאר זיי באצאָהלט.

ער: גאנץ פיינע לאָקען, נאָר אביסעל צו טייער פאר אזא קאָפּ. (זיפצט) נאָר וואָס קאָן מען ערווארטען פון אזא נארישער מויד ווי איהר?

זי: יעס. איך בין זעהר א נארישע מויד. א רעגעלע בהמה.

ער: און דערצו נאָך א גרויסע מיאוסקייט אויך.

זי: יעס, איך בין א שרעקליכע מיאוס׳קייט.

ער: און א „סלאב".

זי: און א „פרעשע זאך".

ער: און א צוקראָכענע.

זי: און קוקט ס׳ארא שמוציגע אוירען ביי מיר איז. (ווייזט איהם אויף די אויערען) אין יעדער אויערעפענונג וואָלט מען ביי מיר געקאָנט איינפלאנצען עטליכע וואזאָנעס — אזוי פיעל בלאָטע איז דאָרט פאראן.

ער (ווייזט אויף די נעגעל פון זיינע הענט): נו, און וואָס פעהלט מיינע נעגעל? פאראן פלענטי בלאָטע.

זי: מיר זענען פון די ריכטיגע פאסקודניאקעס.

ער: יאפּ! (פאָראויסזעהענד) און היינט שטעלט זיך נאָר פאָר וואָס סע וועט ביי אונז זיין נאָך דער חתונה.

זי: סע וועט שוין זיין ביי אונז א שעהן הויז!

ער: איך שטעל זיך פאָר, אז אונזער וואוינונג וועט זיין א רעגעלער חזיר־שטאל.

זי (שפּינט ווייטער דעם געדאנק): און עטליכע בורוועסע „יאטען" מיט נאקעטע בייכלעך, וועלען ארומלויפען אין שטוב און זיך איינגס ס׳אנדערע ארייגשיסען בעבלעך אין די אויערען. און די קולות מיט די געוואלדען וועלען געהן עד לב השמים.

ער: און דער דושעניטאָר וועט קומען צולויפען מיט א שעפעל וואסער.

זי: און פון אומעטום וועט מ׳׳ן אונז מאכען צו מופען.

ער: און מיר וועלען האבען א פולע שטוב מיט קאקראוטשעס — פון די רעגעלע!

זי: און וואס איז דער מעהר מיט וואנצען?

ער (פאנטאזירט ווייטער): מיר׳ן האבען וואנצען אויך! א דאנה!

זי: און פליגען?

ער: מיר׳ן האבען פליגען אויך פון די גרויסע! פון די וואס האלטען זיך בלויז לעבען די פענסטער און מען קאן זיי נישט ארויסטרייבען.

זי: און פליי?

ער: וועט זיין פליי אויך. אבי געזונט!

זי (צושטימענד) יעס. מיר׳ן האבען א „האלאט" פליי.

ער: און דאס אינגסטע קינד וועט האבען אן אויס־געגאסען קעפעל.

זי: יעס. און א פארשטאפט נעזעל.

ער: און דער גרעסערער באיטשיק וועט שלאגען דעם קלענערען.

זי: און דאס עלטסטע מיידעל וועט זייביידען דערלאנגען!

ער: און מיר וועלען זיי אלעמען פאראווען איבער די קעפ.

זי: יעס. מיר׳ן זיי שלאגען ווי די הינט!

ער: און ביי צוועלף יאהר וועלען מיר זיי שוין שיקען ארבייטען אין פעקטארי.

זי: און מיר׳ן זיי אויסלערנען ריידען פאסקודנע רייד!

ער: און אלערליי דזשאקס פון די ריכטיגע!

זי: און מיר אליין?

ער: מיר אליין וועלען זיך אלע מיטוואך און דאנערשטאג צוקריגען און זיך אנזידלען ווי די ערנסטע.

זי: און מיר'ן דאָס מאַכען אז די קינדער זאָלען הערען.

ער: שור! אודאי.

זי: און זיי זאָלען אויפוואַקסען אזוי ווי זייער טאַטע־מאַמע.

ער: מיט פּליכעס.

זי: און מיט געפאַרבטע האָר.

ער: און שמוציגע אויערען.

זי: און מיט פּאַסקודנע צונגען.

ער: פונדעסטוועגען וועלען מירביידע חתונה האָבען נאָר איז גיכען (קיצעלט זי) בע־בע!

זי: (גיט א קלאַפּ מיט די ליפּען) יאַפּ!

ער: און דו גלייכסט מיך צו ניין?

זי: איך גלייך דיך ווייל דו וועסט ברעננגען פיידע. און דו?

ער: איך גלייך דיך ווייל דו ביסט א פּעטע, בע, בע! (טשעפּעט זיך צו איהר).

זי: גראַדיעהיער! טשעפּיזיכאַפּ! ניטע! דערווייל זענען מיר נאָך פרעמדע (נאָכגעביגער) ווען וועסטו ארויסנעמען לייסענס?

ער: נאָך שבת, אז מ'וועט דערלעבען!

(פאָרהאַנג פאַלט און אַהן אן אויפהער מען קאָן איהם ניט אויבהאַלטען).

# דער קייזער

איך בין קייזער. איך בין אימפעראטאָר. איך בין זעלבסטהערשער.

און מיין נאָמען איז שמואל פעלדמאן: קייזער שמואל פעלדמאן, דער ערשטער. איך בין קייזער פון מיין פרוי, קעניג פון מיינע קינדער און זעלבסטהערשער איבער דרייסיג דאָלאר א וואָך.

איך בין הערשער פון גאָט׳ס גענאָד. אין מיין האנט ליגט דאָס גליק פון מיין פאמיליע, די צוקונפט פון מיין יונגער פרוי, דאָס מזל פון אכט לעבעדיגע באשעפענישען.

איך בין קייזער שמואל פעלדמאן. איך הערש מיט אן אייזערנער האנד, און מיין וואָרט איז באפעהל — פאר מיין ווייב, פאר מיינע קינדער — פאר מיינע אונטערטאנען.

אָנגעהויבען צו הערשען האָב איך מיט צוועלף יאָהר צוריק. דאָס רעכט פון דער רעגירונג האָב איך איבערגענומען פון מיין פאָטער — ער איז אויך געווען א מאנסביל, און ער איז יאָהרענלאנג געזעסען אויפ׳ן פאָטער־שטול און רעגירט איבער מיין מאמען, און איבער מיינע דריי צעשראָקענע שוועסטער און מיינע פיער ברידער, וואָס האָבען געציטערט פאר זיין קוק.

מיין פאָטער, קייזער מנחם דער זעקסטער, איז געווען א שטרענגער הערשער — זעהר א שטרענגער. ער האָט נישט געוואוסט פון רחמנות, פון פארגעבונג, און יעדעס מאָל וואָס אן אונטערטאן האָט זיך ביי איהם מיט עפּעס פארזינדיגט, פלעגט ער באקומען א שווערע שטראָף. שמואל, — פלעגט ער צו מיר זאָגען — בעת איך פלעג אהיימקומען מיט פארשטויבטע שיך און מיט א צעריסען

רעקיל — שמואל, לעג זיך אריבער אויפ׳ן בענקעל וועל איך דיר אפּצעהלען א פּאָר הייסע יארמולקעס, אז דער רוח וועט דיך נעמען! דערביי פלעגט ער אויסטון די קרוין, אפּיהרנעמען די יארמולקע און מיך שלאָגען — ביז בלוט, מיך שלאָגען אָהן רחמנות. און אז די מאמע פלעגט זיך אריינמישען און בעטען ער זאָל מיך נישט אזוי שלאָגען, פלעגט ער א גלעט טון זיין מאיעסטעטישע באָרד און ענטפערען: איך ארבייט פאר דעם געלד, איך בין דער פארדיענער. איך וועל דארפען באַצאָהלען פאר א ניי אנצוגעל, אויב דאָס אלטע וועט זיין צעריסען.

און די מאמע פלעגט שווייגען.

יאָהרענלאנג איז מיין פאָטער אזוי געזעסען אויפ׳ן פאָטער־שטול און ארויסגעגעבען באפעלען: וויפיעל פיש מען זאָל קויפען אויף שבת, וויפיעל מען זאָל געבען נדבות צו אָרימע לייט, וויפיעל די מאמע זאָל אויסגעבען אויף א ברוסט־טיכעל און אוירינגלעך און וויפיעל מען זאָל אוועקלעגען אויף שפּעטער.

און אז מיין מאמע פלעגט זאָגען אז זי האָט נישט פון וואָס צו שפּאָרען, ווייל דער בודזשעט איז זעהר א קליינער, פלעגט מיין טאַטע, קייזער מנחם דער זעקסטער, זיך פאררויכערען א גוטען ציגאר, נעמען דעם טלית־זאַק אונטער די אָרעמס, און אוועקגעהן אין קלויז אריין. בשעת די מאמע פלעגט בלייבען אין דער היים און וויינען.

— וואָס זאָל איך זאָגען? וואָס זאָל איך רעדען? — פלעגט זי אויסגיסען איהר נשמה צום טייטש־חומש, — אז נאָט האָט איהם פאָרט באשאפען א מאנסביל? אז ער איז פאָרט דער מלך פון דעם וועלטבעשאף, און איך? וואָס בין איך, מישטיינס געזאָגט? — א זינדיגע אשה, א ווייבסבילד.

אָפּטמאָל פלעגט מיין פאָטער, קייזער מנחם דער זעקסטער, באזעסען ווערען פון א געדאנק, אז ער מוז

באהערשען גאנץ קהל, און ער פלעגט ארויסגעהן אין שלאכט מיט דעם שוחט און טענה'ן, אז יענער קאן נישט קיין הלכות־שחיטה — און קאן אפילו נישט אפציהען דעם חלף; אדער ער פלעגט ארויסגעהן אין קריעג קעגען א שכן, טענה'ן אז יענער האט ביי איהם פארבאפט א בינטעל פלאקס, אדער אויסגעדונגען א פאר טויבען, און אז ער מוז האבען אן ארט אין דער זון — פונ'ם מארקפלאץ, אוואו זיך פאנאנדער־צושפרייטען מיט זיינע געשעפטען, און אז נישט וועט זיין קריעג — ביז בלוט.

אבער מיין טאטע אליין איז געווען אן אפגעהיטער מענש, און נישט קיין געזונטער, האט ער זיך נישט גע־קאנט אליין קריגען, פלעגט ער צונויפרופען זיינע אונטער־טאנען — די מאמע און אונז, און געבען א באפעל, אז מיר זאלען אטאקירען דעם שונא מיט קללות, און — ער אליין, וועט זיך דערווייל צולעגען שלאפען אין דער קאמער, ווייל ס'איז דארטען זעהר קיהל, און איינער פון אונז, קינדער, וועט מוזען אוועקלויפען צו דער ברונים און ברענגען א קרוג קאלטע וואסער, ווייל סע דארשט איהם.

אן אנדערש מאל, ווען מיין פאטער פלעגט זיין גוט אויפגעלעגט — אז ער איז געקומען פון א יריד מיט א שעהן פארדיענסטעל — פלעגט ער צונויפרופען אלע אונ־טערטאנען און זיי דערצעהלען, וואס פאר א טייערע מאכלים ער האט געגעסען אין שטאדט, און ווי אזוי ער האט פארטרונקען מיט פילזנער ביער און ווי אזוי ער געווען אויף א קאנפערענץ פון קייזארים, וואו מען האט געשפיעלט „דערדיל" און מען האט בארעדט די ווייבער, און ווי אזוי ער האט פארשפיעלט כמעט דאס גאנצע געלד, וואס ער האט פארדיענט אויפ'ן יריד און פארוואס הוסט ס'קינד? פארוואס גיט די מאמע נישט אכטונג, אז דאס קינד זאל זיך נישט פארקיהלען? און וואו איז זיין נייער סצעפטער־שטעקען, מיט'ן זילבערנעם הענטעל, ער וויל זיך אביסעל דורכגעהן שפאצירען אין מארק

אריין? און ווען וועט די מאמע געהן מעלקען די קוה? שוין צייט צו מעלקען די קוה. אַט הערט ווי זי מרוקעט. און פאַרוואָס לופטערט זי איהם נישט אוים די זיידענע בעקעשע? אי"ה, איבער אכט־טאָג דאָנערשטאָג וועט ער זיך אביסעל דורכפאָהרען צום רבי'ן און דאָרט פאַרברענגען עטליכע וואָכען — ביז איבער די ימים־טובים, אז מ'וועט דערלעבען.

און אז די מאמע האָט געוויינט און געזאָגט, אז זי ווייסט, אז דער טאטע געהט אין מארק אריין אויסדינגען דאָס שטיקעל פעלד ביי שלום ראפ, און אז יענער איז נעביך א בלוטיגער אָרימאַן און עס איז אויף איהם א גרוים רחמנות, האָט מיין טאטע, דער קייזער מנחם, גע־ענטפערט:

— איך מוז האָבען אן אָרט, וואו מיינע אונטערטאנען זאָלען זיך קאָנען אויסשפרייטען, צעוואקסען, רייך־ווע־רען.

און אז מיין מאמע האָט געענטפערט, אז זי איז געגען אנעקסיע, און אז זי באַנוגענט זיך מיט איהר אייגען שטיקעל ערד, האָט דער טאטע זיך צעשריגען, אז זי ווייסט נישט וואָס זי רעדט, און אז היינט ביינאכט וויל ער מען זאָל איהם מאכען בלינצעס — ער האָט שוין לאנג נישט גענעסען קיין בלינצעס.

איינמאָל ביינאכט בין איך געגאנגען מיט מיין טאטען פון שוהל. עס איז געווען א ווייסע זומער־נאכט, לבנה־שטיינדלעך זיינען געלעגען אויפ'ן וועג, און שטערען־פייער האָט זיך געפינקעלט אומעטום. די ווייסקייט האָט געשמעקט מיט בליהונג, מיט לעבען, מיט קארשענ־צוועט — ווייל אונזער שטעדטעל איז א קארשענ־שטעדטעל.

זיינען מיר אזוי געגאנגען שטילערהייד. דער טאטע האָט זיך עפּעס אונטערגעזונגען א חסידיש'ס און ער האָט מיר געגלעט דעם קאָפּ. ער איז געווען גוט אויפגע־

לעגט דער טאטע. האָט ער מיר א גוט־ברידערליכען פאטש געטון אויף דער פּלייצע און געזאָגט:

— בחור'על, האָב נאָר חתונה, ועסטו זיין א מענש. וועט דיר גאָרנישט פעהלען. זאָלסט נאָר נישט נאָכגעבען דעם ווייב צופיעל. געדענק, דער מאנסביל דארף געוועל־טיגען, אזוי זאָגט די תורה.

און די ווערטער זענען מיר אריין אין קאָפּ. — דער מאנסביל דארף געוועלטיגען. אזוי זאָגט די תורה.

און דער חשק צו הערשען, צו געוועלטיגען האָט מיר געציטערט אינ'ם בלוט. דאָס מאנסבילשע אין מיר האָט דערוואכט — איך האָב געוואָלט רעגירען אזוי ווי מיין טאטע. מיט א שטריימעל־קרוין און מיט א סצעפּטער־שטעקען, און מיט א פּאָטער־שטול — אזוי ווי מיין טאטע.

האָב איך זיך ערקלערט אין ליעבע צו א מיידעל — אויף א קעניגליכען און גרויסמוטיגען אופן. האָב כלומרשט אראָפּגענידערט אויף דער קני פאר איהר, האָב געבויגען מיין קאָפּ צו איהרע פיס, אָבער דאָס איז בלויז געווען א צערמאָניע, א מין קעניגליכע איינשווערונג, אין אזא מאָמענט זיינען די קייזערקעניגע זעהר גרויסמוטיג. פראנץ יאָזעף פלעגט וואשען די פיס פון אלטע בעטלער.

באלד בין איך געווען איינגעשוואָרען. דער מסדר־קידושין האָט געלעזען מיין כתבה־מאניפעסט וואָס איך האָב ארויסגעלאָזען צו מיין פרוי, און אין וועלכען איך האָב ערקלערט, אז איך נעם זי אונטער מיין שוץ, און אז זי ווערט מיין געזעצליכער אונטערטאן.

באלד נאָך דער חתונה איז מיר געגאנגען זעהר שלעכט. מיין יונג ווייב האָט געמוזט ארבייטען, כדי אויפצוהאלטען דעם גלאנץ פון אונזער פריש אויסגע־מעבעלט קעניגרייך, אין די בראָנקס, פאר וועלכען מיר האָבען געצאָהלט זעקס און צוואנציג דאָלאר א חודש דירה־געלד.

איך אליין בין ארומגעגאנגען ליידיג, האָב געשפּילט

קאָרטען, און — געהערשט איבער מיין פרוי, אכטונג גע־געבען אויף איהר מאָראל, און געזעהן אָנצוהאלטען דעם כבוד פון מיין פאָטער־שטול, וועלכער האָט זיך איצט אביסעל געשאָקעלט.

מיין פרוי האָט רעוואָלטירט, געטענה'ט אז זי וויל נישט זיין פארשקלאפט און אז זי וויל פון מיר צוויי זאכען: ברויט און פרייהייט.

מילא קיין ברויט האָב איך איהר נישט געגעבען, ווייל איך האָב נישט געארבייט, האָב איך איהר דערפאר נישט געגעבען קיין פרייהייט אויך. נאָך מעהר: איך האָב איהר באוויזען, אז פרייהייט איז נאָר גוט פאר אונז זעלבסט־הערשער, אָבער נישט פאר איהר. און אז זי האָט גענומען זיך שטעלען און טענה'ן: נידער מיט'ן קייזער! האָב איך גענומען אָנווענדען מ א כ ט. דער אויפשטאנד איז אונטערדריקט געוואָרען. פון דעמאָלט איז זי שטיל, שוויינענדיג, איינגעהאלטען און איבערגע־בען צו איהר — קייזער.

איצט האָבען מיר שוין עטליכע קינדער. זי ארבייט נאָך אלץ און פארדיענט דרייסיג דאָלאר א וואָך, וועלכע זי צאָהלט מיר, אלס לוין דערפאר וואָס איך בין פריינט־ליך גענוג צו הערשען איבער איהר און די קינדער, זיך צו שאָקלען אויף דעם שאָקעל־שטול, און ארויסצוגעבען באפעלען ווי אזוי זי זאָל זיך פיהרען — ווען זי זאָל פיינט האָבען און ווען נישט.

איך אליין ארבייט נישט. איך הערש!

איך בין דער קייזער אימפעראטאָר שלמה פעלדמאן, וואָס הערשט אונבאשרענקט איבער זעקס נפשות.

ווען איך וויל — שלאָג איך, און ווען איך וויל — שלאָג איך נישט.

מיין וואָרט איז באפעל, און אז איך נעם אין דער האנט דעם גראָבען סצעפטער — ווערען די קינדער בלייך, דערשראָקען, און זיי לויפען אוועק אין די ווינקלען. און אז איך גיב ארויס א באפעל: שטיל זאָל זיין!

דער קייזער וויל שלאָפען! — ווערט אזוי שטיל, אז סע דוכט זיך, אז אפילו די לופט איז אנשלאָפען געוואָרען אין שטוב.

און אז איך גיב א באפעל: שטעקשיך! — פאלען אלע קינדער אוועק אויף די פּנים'ער לעבען בעט, און נעמען זוכען די שטעק־שיך.

און אז איך האָב א לייכטען קאָפּ־וועהטאָג, טוט זיך חושך! איך קרעכץ, איך זיפץ, איך טומעל, איך לאָז נישט שלאָפען קיינעם. איך שריי, אז מען פארלאָזט מיך, איך סטראַשע אַז מיין לאגע איז א געפעהרליכע, איך ערקלער אז מען ווייסט נישט ווי אזוי אָפּצושעצען מיין גוטסקייט און איך האלט אין איין טעלעפאָנירען נאָך דאָקטוירים, פּראָפעסאָרען, כירורגען, אפּטייקערס, גוטע ברידער.

און אזוי גיך ווי עס ווערט מיר בעסער, זעץ איך זיך ווידער אוועק אויף דעם הויכען פאָטער־שטול און נעם הערשען מיט אן אייזערנער האנט.

און די שווערד פון די הערשער־דינאסטיע מאנסביל־צאָלערן, הענגט אויף מיין רעכטער זייט.

און איך היט זי אָפּ.

ווייל איך קום פון א משפּחה פון אייביגע הערשער, — פון מאנסבילען.

# איך — דער קולטורמענש

איך בין א רייזענדער קולטורמענש. איך פאָהר ארום איבער דער גאנצער וועלט — טעאַרעטיש. איך בין מיר מיין אייגענער אייזערנער לאָקאָמאָטיוו, מיין אייגענע ליניע, מיין איינענע שנעלקייט.

מיין אייזענבאהן געהט פון בערלין ביז באגדאד, פון דאָווער קיין אפגאניסטאן, פון פאָטסטאם ביז מאָסקווא.

איך שלעפּ נישט מיט זיך קיין שווער באגאזש. בלויז לייכטע, געגילדעטע חלומות פון וועלטהערשאפט. מיין זאק איז נישט פול מיט הייליגע אלטווארג, אָדער אנטיקען — איך האָב עס איבער'ן וואסער געוואָרפען אין די לעצ־טע טעג, אינאיינעם מיט מיין צוקונפט.

איך פאָהר כ מ ע ט אליין. מיינע מיטפאָהרער זיינען שטומע באשעפענישען, וועלכע קאָנען נאָר רעדען מיט מיין צונג, און מיין צונג איז שטענדיג פארנומען מיט זיך אליין.

איך בין א רייזענדער, מיינע הערען, און א בישוף־מאכער. איהר זעהט מיך קיינמאָל נישט פאָהרען. איהר ווייסט קיינמאָל נישט ווען מיינע שיפען געהען אָפּ און ווען זיי קומען צוריק.

און געהט א שיף מיינע ערגעץ אונטער — איז גוט. שלעכט איז נאָר, ווען זי קומט ארויף אויפ'ן וואסער און קאָן נישט אונטערגעהן.

איך בין א צעשראָקענער קאפּיטאן פון א שיף, וואָס וויעגט זיך און ברעכט זיך און קרעכצט און ווייסט נישט ווי אזוי זי וועט דערגעהן ביז צום ברעג. מיין גראָהער בלאטערדיגער מאנטעל איז דער זעגעל אויף מיין מיטעל־

יעהריגער שיף. מיינע צעפּיבערטע אויגען זיינען די מאסט־בוים־לאָמפּען, וואָס באַלויכטען דעם נישט־זיכערען וועג, מיין זיעגער־אָטעם איז דער דאַמף, וואָס טראָגט מיך, מיין האַרץ איז דער אויסגעשפּיעלטער קאָמ־פּאַס, וואָס דער שטורעם האָט אַזוי רואינירט, אַז מען קאָן זיך אויף איהם נישט פאַרלאָזען, און מיין ציגאַר איז דער קוימען, וואָס שפּייט מיט רויך און מיט פייער.

איך בין דער קאַפּיטאַן פון אַ שיף, וואָס מוז סוף־כל־סוף אונטערגעהן — מ׳ווייסט נישט וואו.

איך בין אַ נאַטורפאָרשער, מיינע הערען. איך גיה צופוס דורך אַלע מדבריות, איך הער דאָס היילען פון ווילדע געווייסען־וועלף, דאָס געשיפּ פון משוגע־געוואָרענע נשמה־שלאַנגען, אָבער איך גיה ווייטער און ווייטער. איך שרעק מיך און גיה. איך ציטער און גיה. מיט׳ן יענער זאַק אויף די פּלייצעס, און מיט דעם איבעראַלעס־הונט אויף אַ קייט — געהען מיר און מיר בילען זעהר האָפּעררדיג, אָדער מיר לאָזען אראָפּ די אויערען, אָדער מיר מאַכען אַנדערע עכט־יונקערשע, הינטישע שטיק.

מיר געהען — איך און מיין זיעגער־טרוים — און מיר פאָרשען די נאַטור. אַלע ווילע לעגען מיר צו אַן אויער צו דער מוטער־נאַטור׳ס האַרץ און הערען ווי עס קלאַפּט, עס רוישט, עס האַמערט. די נאַטור איז אויפגע־רעגט. מיר גיבען איהר אַ גלעט מיט אַ קאַלטער שווערד איבער׳ן פּנים, כדי זי צו באַרוהיגען, אָבער זי דאַנקט אונז אָפּ דערמיט, וואָס זי גיסט אונז אָפּ מיט וואַסער.

אונפאַרשעהמטע נאַטור! — איך וועל זי דערפאַר באַשטראָפען מיט זיבען טעג פאַסטראַם.

איך בין אַ פאָרשער, אַ שלאַנגענצויבערער, אַ טיגער־ערציהער. איך פאָרש די נאַטור פון מיין נאַטורפאָרשונג. איך באַ׳כישוף מיין בלאָנדע שלאַנג פון איבערמענשליכ־קייט. איך ערציה מיין אייגענע נשמה, וועלכע איז שרעק־ליך בלוטהונגעריג און בייז.

איך פֿאָהר איבער דער וועלט נישט מיט קיין ליידייע הענט — איך האלט אין זיי א שטיק האָלץ. און לאָז מיר עמיצער זאָגען, אז ער האָט מיך נישט ליעב, וועל איך איהם באלד באוויייזען, אז ער האָט א טעות.

איך בין א שטילער, רוהיגער, וויסענשאפטליכער קולטורמענש.

באגעגענט מיך אויפ׳ן וועג א דורכבלאָנזשער, וואָס רעדט נישט מיין שפראך, און ער בעט מיך, שטומערהייד, ברויט, זעץ איך מיך באלד אוועק און נעם איהם וויסענשאפטליך לערנען מיין שפראך. זי איז די בעסטע אין דער גאנצער וועלט!

באגעגען איך א קרעציגען, הייל איך איהם — מיט פייער. א הינקעדיגען — ברעך איך אונטער דעם אנדערען פוס. א שטומען — ברעך איך אויס די ציין, אפשר וועט ער זיך דערשרעקען און אָנהויבען צו רעדען. א דאָרשטיגען — דריק איך די האנט אזוי לאנג, ביז וואנעט ער הויבט אָן צו וויינען, און טרינקען די טרערען.

א פארבלאָנזשעטען זאָג איך, ער זאָל זיך ארומדרעהען ארום אן אייזערנעם צלם זעקס־און־זעכציג מאָל, וועט ער פארגעסען, א ער איז פארבלאָנזשעט.

אן עלענדען — שטעל איך אוועק אין דרויסען ביים וואסער, ער זאָל ארייגקוקען און זעהען זיין לאנדסמאן.

א בלינדען — קלאפ איך אויפ׳ן קאָפּ אזוי לאנג, ביז וואנעט ער הויבט אָן דערזעהן זיין אונגליק.

איך בין א רייזענדער פאר דער פירמע גרוויזאמקייט, נידערטרעכטיגקייט און קאָמפּאני.

איך האנדעל מיט קולטור־פערל, וויסענשאפט־ברויט, טעכניק־פארבען און איך בייט אויס די אלע זאכען פאר שווערדען, מיט וועלכע איך שטעך אריין די מענשענליעבע אין פרעמדע הערצער און פארפלאנץ דאָרט מיין קולטור. אינאיינעם מיט דער געלער פעסט, מיט דעם עגיפּטישען

היישעריק. און אז מ'הערט דעם טויט פייפען אין האלז, ווייסט מען, אז דאָס בין א י ך.

און אז מ'הערט די קראָהּ אויסקרעכצען א פינסטערע בשורה, ווייסט מען, אז א י ך בין עס די בשורה.

און אז מ'הערט ווי דער הונגער גריזשעט מיט די ציין און דערגעהט ביז צום נאקעטען הארץ, ווייסט מען, אז די ציין זיינען מ י י נ ע.

איך בין דער קולטורמענש און איך פארשפרייט מיין בערטאקרופּ־קולטור איבער אלע וויסטע וועלדער און איבער אלע פוסטע פעלדער.

איך האָב אויסגעטראכט די קרופּ — פון וועלכער מיינע בעסטע קינדער ווערען, דאנקען גאָט, דערשטיקט.

וואו איך קום פארזעע איך — נישט נאָר מענשליכקייט, נאָר מ ע נ ש ע ן.

די טיעפסטע גריבער, די שטילסטע קברים, די ווייטסטער וויסטעניש זענען פול מיט דער מענשליכקייט וואָס איך האָב פארשפרייט.

איך בין א רייזענדער פאר דער פירמע קולטור, נידערטרעכטינקייט און קאָמפּאני.

און ווערט די ערד צו קליין פאר מיין ברייטען חוצפּה'דיגען קנאפּעל, הויב איך מיך אויף צום הימעל און שמייכעל ארונטער מיט פייערדיגע קולטורמיטלען.

און אז קליינע קינדער ווערען געטראָפען פון מיין שמייכעל — ווערען זיי הימלישער, העכער, לייטזעליגער.

און דערזעה איך פון אויבען א ווייטען אינזעל, אויף וועלכען מיין שאָטען איז נאָך נישט געפאלען, לאָז איך מיך אראָפּ און דעק איהם צו מיט מיין האנט, מ'זאָל מיינען אז איך בענש איהם.

איך בין אטילא און נענזעריק — אלע צוויי אין איינעם, צוויי מאָל געטאָפּעלט.

איך טראָג א קרומע שווערד אויף מיין לענד, א צלם אויף מיין הארץ, און ברודער־פלוך אויף מיינע ליפּען.

אין קלאַנג פון צעשראָקענע גלאָקען בין איך — דער ציטער. אין ריטמישען גאַנג פון'ם שראַפּנעלרעגען בין איך דער סוויסטש. אין גאַס פון פרייגעלאָזענע טייכען בלוט — בין איך די פריהלינג־זון, וואָס באַפרייט די שטראָמען.

איך ציה פון לאַנד צו לאַנד, און וואו איך קום נעהט מיר אנטקעגען — מיין לעצטער טריט.

דער דאָזיגער טריט איז ווי דער פאַרהאַלטענער דריטער טריט פון משיח'ן — דער לעצטער טריט צו דער דערלייזונג.

אָבער איך ווייס נישט, ווי אזוי דעם טריט צו שטעלען, און — מיט וועמענס פוס.

וואַנדער איך איבער דער וועלט אַן אומעטיגער ציגיינער — מיט א גרויסער צאָהל נאָך־נישט־גנע'גנב'טע פערד פאַר מיינע אויגען, און עס ווערט מיר באַנג און האסיג.

און אַז סע ווערט מיר זעהר שטאַרק האסיג צו מוט, ליידיג איך דערמאָזיגען האס פון מיין הארץ ארויס און איך מאַך דערפון א שטינקענדיג פּלוס־פּייער, און איך וואַרף עס אויפ'ן שונא.

איך בין א ווילדגעוואָרענער לאָקאָמאָטיוו, וואָס איז אַראָפּ פון די רעלסען און לויפט ערגעץ אין א וואַנד אריין, אָבער איך קאָן מיך נישט אָפּשטעלען, ווייל איך האָב מורא, אַז איך'ל מיך צעברעכען.

פאָהר איך גלייך אין דער וואַנד אריין און פייף מיר דערווייל אזוי שטאָלץ, און אַלצדינג וואָס קומט אין וועג, פאָהר איך איבער, אין נאָמען פון מיין הייליגען קולטור־פייף.

איך בין די שטראָף פון דער וועלט, און דערפאַר בינ־ייד אזוי מעכטיג.

איך בין דאָס וועלטאומגליק — שעהן פארקאמט און מיט וואָנצען.

און מיין גרעסטע שטראָף איז, וואָס איך מוז לעבען מיט זיך זעלבסט — טאָג איין, טאָג אויס. איך האָב מורא צו רעדען מיט זיך א וואָרט — טאָמער ווער איך אין כעס. און אפילו שווייגען צו זיך אליין, האָב איך אויך מורא, ווייל איך בין קאפאבעל צו כאפען די שווערד און זיך איבערשניידען דעם האלז פאר אזא זאך.

איך בין מיין אייגענע שרעקליכסטע שרעקליכקייט.

# אינהאלט:

